# אברהם זאַק : צווישן שאָטנס

מיין ליבן ווילנע שטאָט —
לזכרון.
אברהם זאַק

פּאַריז, סעפּט. 1950

אברהם זאַק

# צווישן שאָטנס

(דערציילונגען)

ביכער פון יידישן פּען־קלוב

ארויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער קולטור־אָפּטיילונג
ביים „דזשאָינט” אין פראנקרייך

פּאַריז  1950

# *Abraham Zak*

# *Zwichn Chotns*

*(Parmi les Ombres)*

הילע פון מאָלער ב ע ן

Paris 1950


---

Imprimerie de la S.N.I.E., 32, rue de Ménilmontant, Paris (20e)

# אינהאלט:

# צווישן שאָטנס

## א

דער לאנגער עשאלאן האט זיך געשניטן דורך די פארשנייטע סטעפעס פון אוראל. ברייטע, אפענע סטעפעס, פארזונקען אין ווייסקייט. ווונישט-ווו צעווארפענע ישובים. קאלכאזישע דערפער. ווייסע קיביטקעס, פארגליווערטע צווישן קופעס שניי, אנגעשאטענע פון הפקרע בוראנען. אין דער הויך, איבער די פארמאכטע פראכט־וואגאנעס, האבן געסטארטשעט בלעכענע רערן — די קוימענדלעך פון די אינעווייניקסטע אייזערנע אויוועלעך. פון די רערן האבן זיך געוויקלט אין דער לופטן סטענגעס רויך, צעטריבענע אין אלע זייטן פונם ווינט.

די וואגאנעס זיינען געפאקט: דאס פארן פוילישע רעפאטריאנטן פון גרויסן רוסלאנד צוריק אהיים. דער בלוט־מבול האט זיך געענדיקט. דאס לעבן הויבט ווידער אן פאמעלעך אריינצוגיין אין די רעלסן. ציט עס יעדן איינעם צו דער היימישער שטאט, צום היימישן דארף, צו די אייגענע רלד אמות און צו די נאנטע, פון וועמען מ'איז אפגעריסן געווארן אויף יארן.

עס פארן פאליאקן און יידן, דאס רוב יידן. אויף די נארעס אין די וואגאנעס האלטן זיך אממערסטן די פאליאקן באזונדער און יידן באזונדער. פאליאק בשכנות פון פאליאק, ייד בשכנות פון ייד. ביי די פאליאקן איז די שטימונג א מער הייטערע, א האפערדיקע: ביי די יידן דאקעגן איז נישטא קיין הייטערקייט, נישטא קיין האפערדיקייט: ווייסן דאך די יידן, אז זייערע שטעט זיינען חרוב, זייערע הייזער וויסט און זייערע נאנטע פארברענט אין די קאלך־אויוונס...

דער עשאלאן האט זיך אזוי געשלעפט עטלעכע וואכן צייט. און וואס מער ער האט זיך גערוקט אויף מערב — צו פוילן-צו — אלץ פריילעכער איז געווארן אויף די נארעס פון די פאליאקן. ס'האט איטלעכער פון זיי געציילט די טעג און כסדר גערעדט וועגן דער היים, וואס ער וועט אין יכן דערזען, און אין דער מחשבה האט ער געזען די משפחה, וואס ווארט

אויף אים; די כאַטע, דאָס אייגענע פעלד און מסתמא אויך דאָס שטיקל ברויט צו דער זעט...

די יידן האָבן זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע שמועסן מיט אַ געפיל פון קנאה. אויף די יידישע נאַרעס האָבן זיך געהערט אַזעלכע באַמער־קונגען:

— זיי איז גוט, זיי האָבן צו וועמען צו פאָרן; אָבער מיר...

— צו וועמען און צו וואָס.

— אויף אונז וואַרטן שטיינער... ציגל...

— אַז מ'האָט אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע ערד, איז תמיד פאַראַן צו וואָס צו קומען — אפילו אין אַן עת צרה. מ'קומט ווי צו אַן אייגענער מאַמען...

דער עשאַלאָן האָט שוין באַוויזן דורכצושניידן אוראַל, צענטראַל־רוס־לאַנד, און אַט ציען זיך שוין די אוקראַינישע פעלדער און סטעפּעס. דער ווינטער מיט די טיפע שנייען איז ערגעץ הינטן פאַרפאַלן געוואָרן. דער מערץ איז שוין אַגב אויך פאַרביי. דאָ אין אוקראַינע באַגעגענען זיך שוין אָפּטער און אָנזעעוודיקער די טרויעריקע צייכנס פון מלחמה: חרו־בע שטעט, וויסטע דערפער און כוטאָרן, סטאַרטשענדיקע ווענט און קוי־מענס נאָכן חורבן און בראַנד...

אין איינעם פון די וואַגאָנעס, פאַררוקט אין אַ ווינקל ביים וואַגאָן־פענסטערל, פאַרנעמט זיין פּלאַץ אויף דער יידישער נאַרע ישראל ווייס, אַן אַלטער וואַרשעווער תושב. אַ מענטש שוין אין די מיטעלע יאָרן. אַ מאָגער פּנים מיט שאַרפע שטריכן, גרויסע גלאַנציקע אויגן, הוי־כער שטערן און שטאַרק־גרויע שלייפן. דאָס רוב ליגט ער אויסגעצויגן אויף זיין אָרט, פאַרקוקט אין קליינעם פענסטערל, עפנט עס פון צייט־צו־צייט, כדי זיך אָפּצופרישן פון דער ענגשאַפט און דושנעקייט. ער ליגט מיט אונטערגעלייגטע הענט אונטערן קאָפּ און מיט פאַרטראַכטע בליקן אין דרויסנדיקן חלל. שווערע מחשבות לאָזן אים נישט אָפּ. אין דעצעמ־בער 1939 איבערגעלאָזט אין וואַרשע אַ היים, אַ פרוי, אַ קינד... אַ פיין, איינגעפונדעוועט הויז, אַ באַקוועמע דירה אויף שוויענטאָ־יערסקע גאַס, פונקט קעגנאיבער קראַשינסקים גאָרטן. האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער געזעלשאַפט ווי אַ באַקאַנטער פעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער מענטש. זיין נאָמען איז אין די יידישע קרייזן נישט פרעמד געווען. און איצט... צו וועמען? צו וואָס?...

אַז זיין הויז איז חרוב, אַז קיינער פון זיינע נאָנטע איז נישט גע־בליבן ביים לעבן — דאָס ווייס ער שוין אויף זיכער. נאָך אין רוסלאַנד איז ער עס געוווירר געוואָרן. נאָכדעם ווי וואַרשע איז באַפרייט געוואָרן,

האט ער געהאלטן אין איין שיקן בריוו אהין: אויף אדרעסן פון מענטשן, וואס זיינען שוין לאנג פארברענט געווארן; אויף אדרעסן פון גאסן, וואס זיינען שוין לאנג קיין גאסן נישט געווען... ער האט אויך פארוואָרפן מיט בריוו די יידישע קאמיטעטן אין ווארשע און לובלין — ביז עס האט זיך אפגערופן ע מ י צ ע ר פון ווארשע. דאס איז געווען פרוי סא־ניע זילבער, א ווארשעווערין, זיין פרוים א חברטע נאך פון די שול־יארן, וועלכע האט זיך געראטעוועט אויף דער „ארישער זייט". די דאזיקע פרוי זילבער פלעגט אפט קומען אין קאמיטעט אריין נישטערן אין די רשימות פון די, וואס „מען זוכט" און פון די, וואס זוכן. אזוי ארום האט זי זיך אנגעשטויסן אויף זיין נאמען און אדרעס. פרוי זילבער האט ווייסן באלד אין ערשטן בריוו געשריבן דעם נאקעטן, גרויליקן אמת: אז קיינער פון זיין פאמיליע האט זיך נישט געראטעוועט; אז אלע זיינען זיי אומגע־קומען דורך די דייטשישע תלינים מיטן זעלבן טויט, וואס איר מאן, קינד, עלטערן און אלע מיליאנען יידן אויף דער פוילישער ערד... איז צו ווע־מען פארט ער? צו וועמען?...

די רעדער פון עשאלאן קלאפן כסדר מיט זייער מאנאטאנעם ריטם. מ'פארט אלץ ווייטער, ווייטער. ווייסן איז שוין נמאס דער כסדרדיקער טומל אין וואגאן, דאס צוקוקן זיך כסדר צו די אלע קליינלעכקייטן פון די מענטשן, וואס מוזן לעבן אין משך פון וואכן אינם קליינעם, ענגן וואַ־גאן־שטח; צו זייערע צאנקערייען און „אינצידענטן" איבער אז ארט פארן „קאטיאלאק" אויפן אייזערנעם אויוועלע, צי איבער נאך א שטיקל ארט אויף דער נארע. קוקט ער בעסער ארויס דורכן וואגאן־פענסטערל. דא אויף די אוקראאינישע פעלדער זעט מען שוין נישט קיין שניי. בלויז ווו־נישט־ווו אין די שפאלטן פון א בארג אדער אין די ראוון ביי דער זייט פון באן־פלאנט זעט מען נאך שטיקער פארגליווערטע ווייסקייט, ווי א סימן פון פארגאנגענעם ווינטער. ס'איז שוין אנהויב אפריל. די ערד איז שוין נאקעט. פון לאנקעס, פון טאלן בלאנקען זילבערנע פרילינגס־וואסערן, אין וועלכע עס שפיגלט זיך אפ די זון און די בלויקייט פון הימל.

ווייס קוקט, קוקט אויף דער פארביישוועבנדיקער לאנדשאפט און ער געזעגנט זיך אין געדאנק מיט דער רוסישער ערד. ער געזעגנט זיך מיט א געפיל פון מילדקייט, הגם אין זיין הארץ האט זיך אנגעזאמלט א סך ביטערניש, א סך פארדרוס אויף דעם דאזיקן לאנד: האט ער דאך דא, אויף דער סאוועטישער ערד, דעם צלם מענטש פארלארן, אזוי פיל זיך אנגעליטן, אזעלכע ביטערע, פיינלעכע יארן איבערגעלעבט: תפיסה... לאגער אויפן ווייטן צפון, אין קאמי... קאטארגע־ארבעט... (סתם אזוי, אומזיסט און אומנישט!)... הונגער... שפיטאלן... קראנקהייטן: דעזינטע־

דיע... צינגא... געזונטע ציין פארלארן... די ראיה קאליע געמאכט... און שפעטער — נאך דער אמנעסטיע — א לעבן פון א „בראדיאגא" איבער מיטל־אזיע. א הילוך אין טראנטעס, אין שיך ארומגעגארטלטע מיט שטריקלעך, כדי די אראפהענגענדיקע זוילן זאלן נישט אפפאלן... א לעבן אין שמוץ און מיט לייז... כסדרדיקער נע ונד. ווו געטאגט, נישט גענעכ־טיקט. געשלאפן אויף באנען, אין וואקזאלן אויף דער פאדלאגע, אין טשאיכאנאס 1) אויף דער נארע און אויך אונטער דער נארע (אויב אויף דער נארע איז קיין פלאץ נישט געווען). נעכט אין „עוואקאפונקטן", ווו מ'האט געקאנט אפטמאל נאר שטיין, ווייל דער דיל איז באלייגט גע־ווען מיט צונויפגעדריקטע גופים... נעכט אין סטעפעס אונטערן פרייען קאלטן הימל... נעכט אין טאשקענטער „סאדיק" 2) ביים וואקזאל, אונ־טער קאלטע, הארבסטיקע רעגנס... א כסדרדיקער גייען נאך א שטיקל ברויט — — —

ווייס זעט עס אלץ אצינד פאר די אויגן. די אלע צייטן און ערטער שוועבן פארביי ווי אויפן לייוונט פון עקראן. ער זעט עס אלץ לעבעדיק: אבער דאך רירט עס אים איצטער נישט, עס וועקט שוין מער אין אים נישט קיין כעס, ווייל ד א ר ט ן, א י ן  פ ו י ל ן, א י ז  פ י ל, פ י ל  ע ר ג ע ר ס  ג ע ש ע ן... ווי בלאס, ווי נישטיק, דוכט זיך אים איצטער, איז דאס אלץ לגבי די גרויזאמקייטן, וואס זיינען גע־שען אויף דער פוילישער ערד דורך די דייטשישע רוצחים! געהערט ער דאך על־כל־פנים צו דעם געראטעוועטן טייל פוילישע יידן אין רוס־לאנד — נישט אלע פון זיי האבן אויסגעדויערט און איבערגעלעבט — און ער איז דאך סוף־כל־סוף אלץ איבערגעקומען און ער פארט דאך צו־ריק „אהיים". טראגיש איז נאר, וואס די היים איז שוין קיין היים נישט...

דורכן פענסטערל זעט ווייס ווידער א „גרוס": א שטעטל, וואס באשטייט פון בלויז חורבות. אויך פון וואקזאל זיינען געבליבן בלויז חרו־בע ווענט. אזוי אפנים מוז אויסזען „זיין" ווארשע... „זיין" גאס... „זיין" שוויענטא־יערסקא...

## ב.

ס'איז שוין נאנט פון דער פוילישער גרעניץ. דער עולם אין וואגאן איז געווארן אויפגעלייגטער. ס'דערנענטערט זיך דער סוף פון דער לאנ־גער נסיעה. דאס לעבן אין וואגאן גייט אבער ווי געוויינלעך: מ'פארעט זיך מיט די „קאטיאלאקן" ביים אייזערנעם אוווועלע, מ'קאכט „פשע־נא" 3), „לאפשא" 4), מ'באקט „לעפיאשקעס" 5). — מען נוצט אויס די

1) טיי־הייזער. 2) סעדל. 3) הירזש. 4) גרויסע לאקשן. 5) פלעצלעך.

אלע „זאפּאסן" און רעשטלעך, וואָס מ'האָט מיטגענומען אין וועג אַריין.

אין זעלבן וואַגאָן איז אויך פאָראַן אַ פּאָר פאַמיליעס — אפילו מיט קליינע קינדער. אמת, די דאָזיקע פאַמיליעס דערמאָנען גיכער אָן די פאַ־מיליעס פון אַ ציגיינערישן טאַבון, פונדעסטוועגן איז זיי ווייס מקנא: געוווען צוזאַמען אין אַלע אומשטענדן, צוזאַמען געליטן און איצט וועלן זיי מסתמא קאָנען אָנהויבן לעבן פון דאָס ניי. עס רירט אים ממש די זאָרג פון די מאַמעס פאַר די קליינע קינדער: אליין קומט מען אָפּ אין וואַגאָן מיט שהי'־פּהי', מיט אַ ביסל „פּשענאַ", צי „קיפּיאַטאָק" 6) מיט ברויט — און פאַר די קינדער שמירט מען פּוטער אויף פּענעצלעך ברויט, צי אויף „לעפּיאָשקעס". מ'האָט פאַר די קינדער עקסטרא מיטגענומען טעפּעלעך פּוטער און אויסגעבאַקן קיכעלעך פון ווייס מעל. די קינדער זיינען מלא־שמחה פונם גאַנצן יאַריד, פונם גאַנצן האַרמידער און ליאַ־רימען אוים זייער פרייד איבערן גאַנצן וואַגאָן.

„וואָסער פאַרשאָלטענער צופאַל — טראַכט ווייס — האָט עס מיך צעשיידט פון מיין פאַמיליע און באַרויבט מיך די דאָזיקע זאָרג און די דאָזיקע פרייד!"...

דאָ, ווי אין אַנדערע וואַגאָנעס, איז אויך פאַראַן אַ פּוילישע נאַרע. די פּאָליאַקן לאָזן זיך דאָ שטאַרק פילן: זיי הערן נישט אויף צו טרינקען און צו זינגען. אויף יעדער סטאַציע נישטערן זיי אַרום און פרעגן־נאָך בשתיקה אויף שנאַפּס. זיי זוכן און געפינען און פּראַווען כסדר די סעו־דה... מ'זינגט און מען ליאַרימט.

— „יעשטשע פּאָלסקאָ ניע זגינענלא..." 7)

דערהערט זיך אַ האַלב־שיכורע שטים און אַ גאַנצער כאָר כאַפּט אונטער:

„פּוקי מי זשיעמי"...

און איידער מ'ענדיקט נאָך איינס דערהערט זיך שוין אַ צווייטס:

„מי פּיערווּשאַ בריגאַדאַ,
סטשעלעצקאַ גראָמאַדאַ..." 8)

דער וואַגאָן איז פול מיט געזאַנג און מיט קולות.

בעת אַ הפסקה אין זינגען שיקט ווייס אַ באַמערקונג צו דער פּויל־שער נאַרע:

— איר ווייסט אַפּנים נישט, פּאַנאָוויע, אַז אין ה יי נ ט י ק ן פּוילן זינגט מען מער נישט די „בריגאַדאַ"...

פון דער פּוילישער נאַרע רופט זיך אָפּ קאָוואַלסקי, אַ שלאָסער־מע־כאַניקער, וואָס האָט אין רוסלאַנד געאַרבעט אין „מ.ט.ס." 9). ער איז

---

6) קאָכעדיק וואַסער. 7) פּוילישער הימן. 8) פּילסודסקי־מאַרש. 9) מאַשין־ און טראַקטאָרן־סטאַציע.

שטאַרק „אונטערן גלעזל" און רעדט מיט אַ זיך פלאַנטערנדיקער צונג:

— צאַ פּאַן גאַדאַ?... 10) ס'איז דאָך דאָס באַליבטע לידל פון אונ־זער „דזיאַדעק" 11).

— טאַקע דערפאַר זינגט מען עס דאָרט מער נישט... פּילסודסקי... סאַנאַציע... ס'איז היינט טריף...

— צאַ פּאַן טאַם גאַדאַ! פּוילן איז דאָך נישט רוסלאַנד... די יידן מיינען, אַז זיי האָבן שוין אויך אין פּוילן באָלשעוויע...

וויסן האָט עס געהויבן פון אָרט:

— „די יידן מיינען!"... און אַלץ זייט איר שטענדיק געווינט צו זען די יידן. די יאָרן האָבן אייך גאָרנישט אויסגעלערנט...

— וואָס טויג אייך איצט צו פּאָליטיקירן? — מישט זיך אַריין אַ צווייטער ייד, קאַפּלאַן פון לאָדז, אַ שניידער, דער ראש פון אַ פאַמיליע אין וואַגאָן.

און וויסן באַמערקט ער אויף יידיש מיט תרעומות:

— איר ווילט דווקא אויפרייצן עשון? גלייכער אינגאַנצן נישט צו ריידן מיט זיי, מיט די אַנטיסעמיטן.

אין אַ ווײַלע אַרום הויבט אָבער קאָוואַלסקי ווידער אָן:

— איר, יידעלעך, קלערט טאַקע צו בלייבן אין פּוילן?

און ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפער און רעדט ווייטער:

— איר האָט שוין אין פּוילן נישט וואָס צו טאָן. איר דאַרפט בע־סער פאָרן קיין פּאַלעסטינע...

די לופט אין וואַגאָן איז געוואָרן אָנגעלאָדן מיט פּולווער...

אין פאָדערגרונט פון דער וואַרטער־שלאַכט האָט זיך אַרויסגערוקט העניעק — אַ יונגער בחור מיט אַ רויטלעך ענערגיש פּנים, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ יאָדערדיקער, אַ „גרוזטשיק" 12) אין אַן עלעוואַטאָר אויף אוראַל און אַ „חלוצניק" פון פאַר־מלחמהדיקן וואַרשע.

פלינק ווי אַ קאַץ האָט ער אַראָפּגעטאַנצט פון דער נאַרע און האָט זיך אַנידערגעשטעלט אין אַן אַרויסרופנדיקער פּאָזע אַנטקעגן קאָוואַלסקין.

— מען פרעגט ביי דיר נישט קיין עצות! — נעמט ער וואַרפן שאַר־פע ווערטער ווי פייַלן יענעם אין פּנים אַריין. — מיר וועלן זיין דאָרט, וווּ מיר וועלן געפינען פאַר נויטיק.

יענער האָט אָבער נישט אויפגעגעבן דאָס זייניקע:

— צי ווייסט איר, אַז אין פּוילן שלעפּט מען אַרויס יידן פון די באַ־נען און מען מאַכט זיי פּאַרטיק?...

---

10) וואָס פּלוידערט איר? 11) זיידע, געמיינט פּילסודסקין. 12) טרעגער.

— מסתמא זיינען נאך פאראן אין פוילן אזעלכע לייט ווי דו! — ענטפערט העניעק שוין מיט א העכערן קול.

— הערט זשע אויף, יידן, דערבארימט זיך! — בעט זיך קאפלאן, — צערייצט נישט די גענדז...

אין שמועס מישט זיך אריין דער שווארץ־וואנסיקער לעאנאוויטש, א פוילישער אינטעליגענט, פון פאך א בוכהאלטער, מיט אן אלטן „סטאזש" פון יודאפאביע:

— אייגנטלעך איז נישטא שוין איבער וואס צו קריגן זיך. נאך היטלערן איז נישטא שוין קיין יידן־פראגע אין פוילן... די רעשטלעך וועלן שוין ביי אונז ניט געוועלטיקן...

— אהא, דאס קרענקט אייך נאך, די „רעשטלעך"! — רופט אויס העניעק סארקאסטיש און דערנענטערט זיך צו לעאנאוויטשן מיט פארביילטע פויסטן. — איר האט שוין דערשפירט די נאנטקייט פון דער „איטשיזנא"[13] און איר פאררייסט שוין די וואנסעס?

ווען נישט קאפלאן, וועלכער איז צוגעלאפן צו העניעקן און אים אפגעצויגן אן א זייט, וואלט זיכער געקומען צו א געשלעג.

— לאזט אפ, פאנאוויע, די חשבונות אויף א ביסעלע שפעטער, — רופט זיך אפ וויים, — מיר זיינען נאך נישט אין דער היים. איר האט נאך קיינער נישט אנגעקוקט פוילן. מיר ווייסן נאך בכלל נישט, ווער ס'איז דער פארשפילטער און ווער דער געווונענער... אזעלכע הערן ווי קאוואלסקי און לעאנאוויטש וועלן זיכער איצט אין פוילן קיין גרויס נחת נישט האבן — מעג עס זיין א פוילן אן יידן...

פון א ווינקל אויף דער פוילישער נארע דערהערט זיך דאס קול פון אן אנדער פאליאק, וואס האט די גאנצע צייט געשוויגן. דאס איז אנטאני וויטקעוויטש, אן עלטערער מענטש, מיט א גרוי בערדל, א פאלקסלערער פון א גמינע ביי טשענסטאכאוו.

— דאיעז סלאווא[14], דער פאן וויים איז גערעכט, — זאגט ער, — קיינער פון אונז ווייס נישט וואס אים דערוואַרט אין פוילן. פארוואס זאלן מיר טאקע נישט לעבן בשלום מיט אונזערע „ראדאקעס"[15], די יידן? צי ווייניק קרבנות האבן זיי געבראכט? און וויפיל זיינען דען בכלל געבליבן יידן? הערט בעסער אויף, פאנאוויע, זיך צו קריגן.

די צעהיצטע געמיטער אין וואגאן האבן זיך לאנג נישט געקאנט באַרואיקן. אזעלכע „דיסקוסיעס" און אזעלכע ארייַנזאגענישן האבן זיך איבערגעחזרט טאג־טעגלעך — אונטערן אקאמפאניאמענט פון די רעדער.

---

13) פאטערלאנד. 14) כ'גיב מיין ווארט. 15) לאנדסלייט.

## ג.

דער עשאַלאָן איז אָנגעקומען אויף דער גרעניץ־סטאַציע מ ע ד י ־ ק אַ, ווו ער איז געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט. צומאַרגנס אין דער פרי איז פאָרגעקומען די גרעניץ־רעוויזיע און דאָקומענטן־קאָנטראָל. די סאָ־וויעטישע גרעניץ־נאַטשאַלסטווא איז געווען באַזונדערס מילד און העלפלעך צו די רעפּאַטריאַנטן — ווי צום געזעגענען זיך...

ס'האָט זיך געביטן דער קאָנדוקטאָרן־פּערסאָנאַל. די רוסן בראש מיטן קאָמענדאַנט פון עשאַלאָן — אַ באַפולמעכטיקטער פון דער „נ.ק.וו.ד." — זיינען געבליבן אין מעדיקא און די באַדינונג אין עשאַלאָן האָבן איבער־גענומען פּוילישע קאָנדוקטאָרן, און אַזוי איז דער צוג אַריבער אויף דער פּוילישער ערד. ער האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך, נישט געאיילט, ווי וועלנדיק באַגריסן זיך מיטן גאַנצן אַרום. ס'איז שוין געווען אין מיטן אַפּריל. אַ הערלעכער זוניקער טאָג. דער עולם אין די וואַגאָנעס האָט זיך געשפּאַרט צו די ברייט־פאַנאַנדערגערוקטע טירן. מענטשן פון די פעלדער גריסן מיט דער האַנט־פלאַך און מיט טיכעלעך. אַ באַרגיקע געגנט בלאַנקט און רייצט מיט גרינקייט און רחבות, אין דער לופטן האָט געהילכט אַ פויגל־טרילערײַ. די פּאַליאַקן זיינען געווען ממש בגילופין.

— כלאָפּצי! 16) — האָט לעאַנאַוויטש אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט אַ האַנט־באַוועגונג, מעשה־דיריזשאָר, און האָט פאַרצויגן:

„ניע דאַמי זיעמי סקאָנד נאַש רוד" — — — 17)

און דער גאַנצער וואַגאָן איז פול געוואָרן מיט געזאַנג. עס האָבן געזונגען קליין און גרויס. און נישט נאָר אין דעם דאָזיקן וואַגאָן; אַ גע־זאַנג האָט זיך געטראָגן פון אַלע וואַגאָנעס. דער גאַנצער עשאַלאָן האָט זיך צעזונגען. אויך אַנדערע יידן האָבן מיטגעזונגען, נישט וועלנדיק זיך אויסטיילן פון די פּאָליאַקן.

ווייסן האָט דער ענטוזיאַזם נישט גערירט. אדרבה, צוזעענדיק די התל־הבות פונם עולם, איז אים אין הארצן נאָך טרויעריקער געוואָרן.

— זיי פרייען זיך — באַמערקט ער העניעקן דעם „חלוצניק" — זיי יובלען. אָבער מיר... פּוילן איז נאָר דער קבר פון אונזער פאָלק...

— אַזוי איז עס, — האַלט יענער אונטער, — אונזער אַלעמענס פאָ־טערלאַנד קאָן איצטער זיין נאָר איין לאַנד — ארץ ישראל. איצטער נאָך מער ווי שטענדיק, — אויב מיר ווילן נאָך ווייטער לעבן, ווייטער עקזיס־טירן ווי יחידים און ווי אַ פאָלק. פּוילן קאָן נאָר זיין פאַר אונז אַ טראַנ־זיט־לאַנד. אַזוי טראַכטן אוודאי אַט די אַלע יידן אין אַלע עשאַלאָנען.

---

16) קינדער! 17) „ראָטאַ" פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ.

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, — טייטשט עס נאָך אוים ווייס קלע־דער. — נאָך דעם גרויסן בראַך, וואָס עס איז געשען מיט אונזער פאָלק, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, וואָלט זיך געוואָלט אָפּגרעניצן פון דער גאַנצער גוישער וועלט, פון אַ ל ע מ ע ן, סיי פון רעכטס און סיי אַפילו פון לינקס...

און אַ ווינק טוענדיק צו דער פוילישער נאַרע, האָט ווייס פאַרענ־דיקט:

— איר זעט דאָך און הערט דאָך אונזערע „פריינט" — די קאַוואַל־סקיס און די לעאַנאַוויטשעס. דאָס איז די גרויע מאַסע, די גרויסע מער־הייט פון פוילישן פאָלק. די בעסערע פאָליאַקן, די וויטקעוויטשעס — פאַ־ראַן אויך אַזעלכע — זיינען דאָך זייער ווייניק אין צאָל.

דער עשאַלאָן איז שטיין געבליבן ביי אַ קליינער פוילישער סטאַציע. אויפן פעראָן איז געווען אַ היפשער עולם. מ'איז ארויסגעקראָכן פון די וואַגאָנעס און מ'האָט זיך געקליבן אין געזעמלעך. פוילישע בחורים און מיידלעך זיינען געגאַנגען לענג־אויס פון די וואַגאָנעס און האָבן זיך נאָכ־געפרעגט ווער עס וויל טוישן רוסיש געלט אויף פוילישע זלאָטעס. דאָ איז אָנגעגאַנגען כמעט אַן אָפענער האַנדל מיט וואַליוטע. קיין איינציקן יידן האָט מען דאָ צווישן די וואַליוטע־סוחרים נישט געזען. מ'האָט דאָ בכלל קיין יידיש פנים נישט באַמערקט.

הינטערן וואַקזאַל איז פּלוצלונג געוואָרן עפּעס אַ טומל. די יידן האָבן גענומען לויפן צוריק אין די וואַגאָנעס. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יונגע כוליגאַנעס האָבן שוין פאַרטשעפּעט אַ יידישן רעפּאַטריאַנט...

— צאָ טאָ, צאָ טאָ? 18) — פרעגט ווער אַ פאַרבייגייענדיקן קאָנ־דוקטאָר.

— ניץ טאַקיעגאָ... 19) כ'האָב זיי געזאָגט, די זשידקעס, אַז זיי זאָלן בעסער זיצן אין די וואַגאָנעס, נישט וואַרפן זיך אין די אויגן...

ווייס שטייט אַ בלאַסער און אויפגערעגטער אין טיר פון וואַגאָן און באַמערקט עקסטרא אין פויליש, מיט שאַרפן סאַרקאַזם אין טאָן, קוקנדיק בעת מעשה אויף קאָוואַלסקין:

—יאָ, דער קאָנדוקטאָר איז גערעכט. ריכטיק אַזוי. יידן דאַרפן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן: מיר זיינען דאָך שוין אויף דער **פּ ו י ־ ל י ש ע ר** ערד...

דער עשאַלאָן איז ווייטער געפאָרן און איז אַריבער דעם ס אַ ן. אין וואַגאָן האָט מען שוין געגעסן פּ ו י ל י ש ברויט: אַזעלכע פיינע

---

18) וואָס איז דאָ? 19) נישט באַזונדערס.

ווייסע ברויטלעך, וואס יעדער וואגאן האט באקומען אויף דער סטאציע פון „פ.ו.ר." 20). דאס דאזיקע ברויט האט מען געגעסן מיט א באזונדער אפעטיט.

ביי די פאליאקן איז געוואקסן די פרייד, ביי יידן — דער אומרו...

טיפער אין לאנד האבן זיך אויף די באן־סטאציעס גענומען באוויזן יונגע יידישע בחורים און מיידלעך. זיי זיינען געגאנגען פארביי די וואגאנעס און פארגעלייגט דער יידישער יוגנט פון עשאלאן מ'זאל אריינטרעטן צו זיי אין די „קיבוצים". ווער עס טרעט אריין אין „קיבוץ", האבן זיי געזאגט, ווערט באלד פטור פון אלע דאגות: ער באקומט קליידער, עסן, דירה, און נאך א קורצער הכשרה פארט ער קיין ארץ ישראל.

— קומט מיט אונז, יידן! — האבן זיי ברודעריש גערופן, — נישטא קיין אנדער וועג פאר א יידן...

האבן זיך געפונען אין די וואגאנעס נישט ווייניק בעלנים, עלנטע יונגעלייט, וועלכע האבן נישט קיינעם אויף דער וועלט, קיינעם נישט און גארנישט, אחוץ זייער יונגנט און יונגע הענט. זיי האבן נישט טראכטנדיק לאנג, געכאפט פון דער נארע זייער „באגאזש" — א הילצערן קעסטל, אדער א פשוט זעקל, צי רוקזאק און פריידיק מיטגעגאנגען אין „קיבוץ" אריין: עס האט געלאקט דער צוזאג פון אן אדרעס, פון א דאך איבערן קאפ, פון עמיצנס זארג...

דער ערשטער, וואס האט זיך אנגעכאפט אן דעם רוף צו גיין אין „קיבוץ", איז געווען העניעק.

פארלאזנדיק דעם וואגאן האט ער זיך מיט אלעמען ווארעם געזעגנט און אויך פאר קאוואלסקין און לעאנאוויטשן האט ער געהאט א פאר געזעגענונגס־ווערטער, ווי א מין „לעצט־געלט":

— מיט אייך, פאנאוויע, איז מיר באזונדערס גרינג און גוט זיך צו געזעגענען. דער עיקר דערפאר, ווייל איך וועל אייך שוין, האף איך, מער נישט זען...

## ד.

אין איינעם א פארטאג איז דער עשאלאן צוגעפארן צו דער פוילישער חרובער רעזידענץ — צו ווארשע. אפגעשטעלט האט ער זיך אויף א זייטיקן טאר פון הויפט־וואקזאל, צווישן א ריי משא־צוגן. אויף איין טאר איז געשטאנען א גאנצע ריי צעלעכערטע, צעשטויסענע וואגאנעס אן פענסטער, ווי א זכר פון די פארוויסטונגען אויף דעם וואקזאל. דעם אמא־



20) פוילישער רעפאטריאציע־אמט.

ליקן וואקזאל זעט מען בכלל נישט, נאר אנגעווארפענע, צעשאטענע ווענט מיט סטארטשנדיקע שטיקער אייזן־בעטאן.

דער עשאלאן איז אזוי געשטאנען עטלעכע טעג. די פאליאקן זיינען דאס רוב באלד אין ערשטן טאג אוועק אין שטאט אריין און מער נישט צוריקגעקומען. געבליבן זיינען די ערשטע נאכט צום נעכטיקן כמעט בלויז יידן. קיינער פון זיי האט קיין אדרעס נישט געהאט... אין משך פון עט־לעכע טעג זיינען יידן געגאנגען אין יידישן קאמיטעט אריין, געקראכן אויף טרעפ, ארויף־אראפ, געעפנט טירן, גענישטערט אין רשימות, גע־זוכט קרובים און נישט געפונען... ביז מ'האט זיך ביסלעכווייז „איינגע־ארדנט" מיט א דאך איבערן קאפ — ווער אין רעפאטריאנטן־הויז, ווער אין „קיבוצים", ווער אין קאלעקטיווע היימען ביי ארגאניזאציעס.

ווייס איז געווען אינגאנצן צעטומלט פון די ערשטע איינדריקן. ווי־פיל ער האט פריער נישט אריינגעטראכט, האט ער זיך נישט געקאנט אויסמאלן אין דמיון אזא שוידערלעך בילד פון חורבן, ווי עס האט אים איצט געוויזן די וואר. באלד ווי דער עשאלאן האט זיך דערנענטערט צו דער שטאט, האט ער דערזען אן אויסטערלישע פאנאראמע פון כמעט בלויז חורבות. ווענט, ווענט, ווענט נישט מיט פענסטער, נאר מיט לע־כער. הויכע קוימענס האבן געסטארטשעט אומהיימלעך אין דער לופטן. זעלטן ווו האט ער געזען א גאנץ הויז. און אפילו דאס גאנצע הויז האט אויך געהאט אויף די ווענט לעכער פון קוילן און בליי־שפליטערס אדער אפגעפליקטע שטוקאטור. שפעטער, אז ער איז שוין אריין אין לאבירינט פון די חרובע גאסן, האט ער זיך דערפילט ווי אין א טויטער וועלט. אויף דעם רוב גאסן איז קוים געווען א שמאלער דורכגאנג צווישן די בערג אנגעווארפענע ציגל. די געוועזענע הויפט־גאסן זיינען שוין אין דער מיט בעסער אפגערייניקט און עס גייט אויף זיי א שטארקע באוועגונג מיט אויטאס, דראשקעס, פשוטע וועגענער געשפאנטע אין פערד, דריי־רעדער־דיקע ריקשעס. נישט אלע גאסן דערקענט ווייס. אויף אנדערע פארבלי־בענע טויערן הענגט נאך דאס בלויע בלעכענע לאמטערנדל מיטן נומער פון הויז און נאמען פון גאס. געוועזענע גאסן און געוועזענע הייזער...

ווייס איז ארויפגעקראכן אויף א שטאטישן אויטאבוס — א פשוטע משא־פלאטפארמע מיט אויסגעשטעלטע בענק פאר פאסאזשירן — און זיך אוועקגעלאזט קיין פראגע צום יידישן קאמיטעט. די מאשין פליט דורך די געוועזענע גאסן, ווו מען באמערקט זעלטן א לעבעדיקן נפש.

די ווייסל, די אלטע פוילישע ווייסל, גייט איר אייביקן גאנג. אלע בריקן איבערן טייך צעפליקט, צעריסן. די באוועגונג גייט איבער א צייט־ווייליקער הילצערנער פאנטאן־בריק. אויף די ברעגעס זעען זיך נאך סימ־

גים פון פארגאנגענע שלאכטן : אקאפעס, צעזעצטע טאנקען, צעשעדיקטע הארמאטן.

אין יידישן קאמיטעט — א טומל, א יאריד. מענטשן באלאגערן די טרעפ, די חדרים. באאמטע דרייען זיך אריין און ארויס פון איין צימער אין אנדערן. ביי שרייב-טישן זיצן יונגע פרויען מיט פריש־פריזירטע קעפ און פעט־געשמינקטע ליפן און קלאפן אויף שרייב־מאשינען. כמעט אלע ריידן פויליש. פון די טרעפ קומען אריין כסדר די היימלאזע מענטשן און שטופן זיך אין אלע חדרים, פרעגן, טאפן א וואנט. דאס זיינען אלע פריש־אנגעקומענע פון אלע עקן רוסלאנד : ווער פון קאזאכסטאן, ווער פון אוז־בעקיסטאן, ווער פון טאדזשיקיסטאן, ווער פון טורקמעניע, ווער פון אור־ראל, פון באשקיריע און פון צענדליקער אנדערע פארוואָרפענע מקומות פונם ריזיקן רוסלאנד. מענטשן אין פופייקעס, אין שטיוול, אין גרויסע, ברייטע ארבעטס־שיך, מיט רוקזעק אויף די אקסלען, מיט אפגעבליאקע־וועטע, לאנג נישט געראזירטע פנימער. אויך טייל פרויען צווישן זיי האט מען געזען אין פופייקעס און אין שטיוול. איין עלטערע פרוי האט נאך אפילו פאראדירט אין וואַליקעס.

ווייס האט זיך דורכגעשלאגן דורכן געזעמל און זיך דערפרעגט ווו מ'קאן אדורכקוקן די רשימות פון די פארעגיסטרירטע יידן אין ווארשע. ס'איז פאר אים שוין נישט געווען קיין איבערראשונג, וואס ער האט אין זיי נישט געפונען קיין איינציקן פון זיינע נאנטע. באגעגנט האט ער נאר אין די רשימות דעם נאמען פון איין איינציקער באקאנטער — טאקע פון פרוי סאניע זילבער, זיין פרויס חברטע, פון וועמען ער האט נאך אין רוסלאנד דערהאלטן די טרויעריקע בשורה וועגן זיין אומגעקומענער פאמיליע.

אין קאמיטעט איז ווייסן געלונגען צו באקומען א צעטל, כדי אויפ־גענומען צו ווערן אין רעפאטריאנטן־הויז. ער האט דארט פארנומען אן אייזערן בעטל אין א ווינקל ביי א וואנט. אויב פון צוויי זייטן האט ער געהאט געדיכטע שורות בעטלעך מיט שכנים, האט ער דערפאר געהאט איין שטיקל „פרייע" וואנט צוקאפנס און נאך איין שטיק „פרייע" וואנט, צו וועלכער ער האט זיך ביינאכט געקאנט אויסדרייען מיטן פנים און האבן די אילוזיע פון יחידות...

ווי שוין אן „איינגעארדנטער", איז ווייס צומארגנס אוועק מיט א וויזיט אויף שראקע גאס — טאקע צו פרוי זילבער. געווען איז עס אין אוונט. דאס הארץ האט אים שטארק געקלאפט : ער האט דאך געוווסט, אז ביי פרוי זילבער וועט ער אפנעמען אן אויספירלעכן טרויעריקן „גרוס" פון זיינע נאנטע...

ער האָט אָנגעקלונגען און ס׳האָט אים געעפנט טאַקע פרוי זילבער אַליין. אין ערשטן אויגנבליק האָט ער זי נישט דערקענט: פאַר אים איז געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ לחלוטין זילבער־ווייסן קאָפּ. אויך זי האָט לכתחילה ווייסן נישט דערקענט: האָט ער דאָך אויך באַקומען אַ פּאָר־עלטערט אויסזען און אויך זיינע שלייפן האָבן געביטן די קאָליר. דערצו נאָך זיין הילוך... קיינער, ווער ס׳האָט געקענט ווייסן פון פאַר דער מלחמה — דעם שטענדיק עלעגאַנטן מאַנסביל, מיטן אָפּגעהיטענעם „לאָג״ פון די הויזן, מיט דער שיינער, געדיכטער, שוואַרצער טשופּרינע אויפן קאָפּ — קיינער וואָלט אים נישט געקאָנט פאַרשטעלן אין אַזאַ קלעגלעכן מצב...

אָבער נאָך עטלעכע רגעס האָבן זיך ביידע געכאַפּט — צוליב דעם אָרט און די אומשטענדן פון דער באַגעגעניש.

— פרוי זילבער...

— הער וויים...

זי איז די ערשטע צוגעפאַלן צו אים און זיך צעקושט מיט אים.

— ס׳אַ גאַסט! קומט אַריין! ס׳אַ גאַסט!

— יאָ, אַ גאַסט פון יענער וועלט...

— מיר זיינען אַלע געסט פון יענער וועלט... מיר דאָ גיכער פון אייך...

— יאָ, איר זייט גערעכט, פרוי זילבער.

פון קאָרידאָר איז מען אַריין אין אַ צימער.

— זיצט! זיצט!

פרוי זילבער האָט אים אונטערגערוקט אַ ווייך־געבעטן לעדערנעם פאָטעל. וויים האָט זיך באַקוועם אַריינגעזעצט, און ס׳האָט באַלד אויף אים אַ ווייע געטאָן אַ היימישקייט, וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געפילט.

— איר ווייסט, — הויבט אָן פרוי זילבער, — כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איר דאַרפט קומען. כ׳האָב געהערט, אַז עס קומען שוין צוריק די פּויליש פון רוסלאַנד. כ׳האָב געוואַרט אויף אייך...

— באמת געוואַרט? — איז וויים פאַרוווּנדערט — גוט כאָטש, וואָס א יי ן מענטש האָט אויף מיר געוואַרט... נו, פרוי זילבער, רעדט... דערציילט... איר האָט דאָך מסתמא אַ סך מיר צו דערציילן...

— אַ, לאָזט דערווייל... מיר וועלן נאָך ריידן... נאָך פאַראַן גענוג צייט... דערציילט איר בעסער פון רוסלאַנד, פונם רוסישן ספינקס... ווי האָט זיך אייך געלעבט?

— אַ שווער לעבן געווען: נאָר כ׳האָב איבערגעלעבט. אָבער וואָס איז די פעולה?... אַז דאָ איז קיינער נישטאָ... דערציילט מיר פונדעסט־וועגן אַ פּאָר פרטים.

— הער ווייס, כ׳מיין באמת, לאזט דערוויל... א צווייט מאל. איר וועט דאך, האף איך, נישט זיין ביי מיר קיין גאסט. גלייבט מיר, עס גלוסט זיך מיר איצט נישט אנצורירן די וווּנדן... אט לאמיר איצט בע־סער עסן צוזאמען אוונט־ברויט. איר זייט דאך אוודאי הונגעריק. איר וועט מיך אויף א וויל אנטשולדיקן.

און זי איז ארויס אין קיך.

ווייס האט זיך אומגעקוקט און אלצדינג באטראכט מיט נייגעריקע בליקן. אין באגריף פון א מ א ל איז די וווינונג א גאנץ באשיידענע; אבער מיט געשמאק מעבלירט, געמיטלעך. ער זעט דא אין דער זייט נאך א טיר. מסתמא איז דא פאראן נאך א צימער. באזונדערס האט אים גע־רייצט די ברייטע אטאמאנע. א, ווי גוט וואלט געווען זיך אויסצוציען אויף איר און זיך אויסשלאפן פאר אלע צייטן...

ער האט זיך אויפגעהויבן פון פאטעל און זיך איבערגעזעצט אויף דער אטאמאנע. ער האט זיך גענומען אויף איר וויגן, ארויף־אראפ, ווי א צעשפילט קינד... ווי ווייך, ווי גוט!...

און בעת־מעשה האט ווייסן ממש פארקלעמט ביים הארץ אויף דעם אלעם, וואס ער האט, דוכט זיך אים, אויף אייביק פארלארן...

פרוי זילבער איז אריינגעקומען מיט א פולן טאץ.

— קומט צום טיש.

דער טיש איז סערווירט געווארן מיט כלערליי עסנוואַרג: סארדי־נען, ווורשט, אנגעשניטענע פענעצלעך פון אייער, ברויט, געפלאכטענע חלה.

— עסט, עסט ! זשעניִרט אייך נישט.

— א דאנק ! דעם אמת זאגנדיק, בין איך שוין אפגעוווינט פון א מענטשלעכן טיש...

ווייס האט נישט געוווּסט פון וואס אנצוהויבן... פרוי זילבער, בא־מערקנדיק זיין קווענקלען זיך, האט אים אריינגעלייגט אין טעצל סאר־דינען.

— האט איר אין רוסלאנד געהונגערט ? מ׳דערציילט זיך אז משונה־דיקע זאכן פון רוסלאנד.

— א, נאך א מין הונגערן ! אין רוסלאנד איז תמיד נישט־פויגלדיק מיט דער אכילה, בפרט נאך מלחמה־צייט. די לעצטע פאר יאר, זעט איר, האב איך גראד נישט געהונגערט, וויל איך פלעג שוין כסדר אפט באקומען פעקלעך פון אויסלאנד — פון טעהעראן און פון תל־אביב. יידן זיינען דאך רחמנים בני רחמנים...

דאס עסן האט לאנג געדויערט. צום סוף איז געקומען טיי. טיי אין

שפיגלדיקע גלעזער. צום טיי — קיכעלעך, שאָקאָלאַד. עס האָט זיך אויך געוויזן אַ שאַכטל ציגאַרעטן. פרוי זילבער האָט אַפּט געראויכערט.

— איר האָט דאָך אַמאָל נישט געראויכערט ? — פרעגט וויים.

— כ׳בין פאַר די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכע רויכע־רין. דאָס ראַטשוועט מיך אין מיין איינזאַמקייט. און נישט נאָר רויכערן. אויף דער „ארישער זייט" האָב איך זיך אויסגעלערנט אויך טרינקען...

— טרינקען ? ! — פאַרוואונדערט זיך וויים.

— יאָ, טרינקען. טרינקען ! און פשוטן שנאַפּס. „טשיסטאַ וויבאַ־ראָווא"... 21) אַז מען האָט געלעבט אין אַ קריסטלעכער סביבה, האָט מען געמוזט מיטהאַלטן ביים טרינקען; ווען נישט, וואָלט מען געוואָרן אויפּפאַלנד... ס׳איז דאָך גאַרנישט לויטן קריסטלעכן שטייגער...

ביי דער געלעגנהייט באַרירט שוין פרוי זילבער און דערציילט גע־וויסע פרטים פון איר לעבן אויף דער „ארישער זייט": ווי אַזוי זי איז שאַנטאַזשירט געוואָרן דורך פּאַליאַקן, וועלכע האָבן ביי איר געצויגן געלט און געהאַלטן זי כסדר אין געפאַר זי צו דעמאַסקירן פאַר דער „געס־טאַפּאָ".

— זיינען דען נישט געווען קיין גוטע פּאַליאַקן אויך ? — פרעגט וויים פאַראינטערעסירט.

— געווען, אָבער זייער ווייניק. מיין לעצטע „גאַספּאַדיני" 22) אין אַ דאָרף הינטער וואַרשע איז געווען פאַר מיר אַ מלאך. אַ דאַנק איר בין איך טאַקע לעבן געבליבן. איך האָב איר אָבער געמוזט צוזאָגן, אַז איך בלייב שוין אויף אייביק אַ קאַטוילין... כ׳פלעג מיט איר גיין צוזאַמען אין קלויסטער: האָב זיך אויסגעלערנט זייערע „פּאַטשערעס" און געפירט אַ לעבן פון אַ בלומרשטער קריסטין. דערצו האָט מיך נאָך געראַטעוועט מיין „גוט אויסזען". כ׳פלעג מיר פאַרקעמען די האָר אַביסל אויפגע־טורעמט, אין דער הויך, ווי אַלע פּוילישע פרויען, אָנגעטאָן אויפן האַלז אַ גאָלדן צלמל אָנשטאָט אַ מעדאַליאָן — און ווער האָט געקאָנט דאַן טראַכטן, אַז איך בין אַ יידין ? איך בין אַזוי ווייט אריין אין מיין ראָל, אַז כ׳האָב אפילו געלערנט קאַטעכיזם מיט די פּוילישע קינדער פון דאָרף. אַזוי, אַז אין דאָרף בין איך אָנגעגאַנגען פאַר זייער אַ פרומע קריסטין... כ׳בין געווען, ווי מען זאָגט: „פּלי קאַטאָליק קע לע פּאַפּ"... און ווער ס׳האָט נישט געקאָנט שפּילן די דאָזיקע ראָל, אָדער זיין פנים האָט אים אויסגעגעבן, איז טאַקע סוף־כל־סוף דורכגעפאַלן און אומ־געקומען.

---

21) עכטער שנאַפּס. 22) באַלעבאָסטע.

— נו, און מאַטעריעלע מיטלען האָט איר כאָטש געהאַט ? — פרעגט ווייס.

— צום גליק יאָ. כ'האָב באַוויזן מיטצונעמען פון געטאָ וואַליוטע און ביזשוטעריע. ווען נישט דאָס, וואָלט איך זיכער איצט נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. ווער ס'איז ארויס אויף דער „אַרישער זייט" אָן מיטלען, איז זיין גורל באַלד געווען אַ געחתמעטער...

פרוי זילבער האָט אַראָפּגענומען פון טיש די כלים, געמאַכט אַ ביסל אָרדענונג און דאַן זיך אַנידערגעזעצט באַקוועם אויף דער אָטאָמאַנע, אין אַ האַלב־ליגנדיקער פּאָזע.

זי האָט אָנגעהויבן מיט ווייסן צו ריידן וועגן תכלית־זאַכן : אַז ער דאַרף זיך אַ ביסל ארומקוקן ארום זיך, אָנטאָן זיך מעשה־מענטש, אַראָפּ־וואַרפן פון זיך דעם הילוך פון אַ „בעזשעניעץ" 23) און ווערן צוריק אַ מענטש...

— אַז כ'וועל געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג, וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג.

— וואָס איז דאָס געאייל ? איר וועט זיך נאָך ארומקוקן. איר וועט זיכער מיט דער צייט געפינען עפּעס אַ ביורא־אַרבעט.

— ס'וואָלט מיר ליבער געווען די אַרבעט ביי מיין פּעדאַגאָגישן באַרוף, — אין אַ שול. מסתמא וועלן זיך דאָ שאַפן שולן, אויב זיי זיינען נאָך נישטאָ.

— נישט געדאַגהט, — האַלט אונטער פרוי זילבער, — עס וועט זיך שוין עפּעס מאַכן. דערווייל וועט איר ביי מיר נעמען אַ געוויסע סומע געלט און זיך אָנטאָן.

— וואָס הייסט ? ! — האָט זיך ווייס געחידושט.

— נישקשה, אַז איר וועט זיך איינאָרדענען, וועט איר מיר אָפּגעבן.

— אָ, דאָס איז שוין צו־פיל ! דאָ קאָסט דאָך אַלץ אַזוי טייער. אין די שווערע טויזנטער !

— ס'שאַדט נישט, ביי מיר שפּילט דאָס איצט קיין ראָלע נישט...

— איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ באַרימערישן טאָן און האָט אים גענומען דערציילן, ווי אַזוי זי האָט זיך „אַרויפגעאַרבעט". נאָך דער באַפרייאונג איז זי געבליבן ממש אָן מיטלען צום לעבן. צום גליק איז איר געלונגען ארויסצובאַקומען אַן אַלטן פאַרמלחמהדיקן חוב ביי אַ קריסטלעכן סוחר, וואָס איז געשטאַנען תמיד אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט איר מאַן. גראָד אַן ערלעכער און סאָלידער קריסט, וועלכער האָט זיך איבער־

23) פליט.

גענומען מיט איר מצב און איר אויסגעצאָלט דעם חוב ביז אַ גראָשן. דערצו נאָך האָט זי פאַרקויפט דאָס לעצטע, וואָס איר איז נאָך געבליבן פון איר ביזשוטעריע — אַ בריליאַנטענע בראָשקע. געבליבן איז זי נאָך ביי איר קידושין־רינגעלע. פאַרן דאָזיקן געלט האָט זי באַלד געקויפט אַ געוועלב און פאַרלייגט אַ געשעפט פון דאַמען־ און מענער־קאָנפעקציע און נישט צו פאַרזינדיקן. די רעזולטאַטן זיינען גלענצנדיקע.

— איך באַוווּנדער אייער ענערגיע ! — האָט ווייס אויסגערופן — אַ פרוי — און זיך נישט איינגעבראָכן !

— אַזוי איז עס. כ'וועל מיך אַליין רימען. כ'בין געבליבן איינע אַליין, און ווי איר זעט — כ'בין ווידער אַ מענטש.

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט זי צו :

— איר מעגט ביי מיר גאַנץ דרייסט נעמען עטלעכע צענדליק טויזנט זלאָטעס.

דערהערט אַזאַ סומע, איז ווייס נאָך מער איבעראַשט געוואָרן : זיין פאַרמעג באַטרעפט קוים אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס און דאָ רעדט זי וועגן אויסבאָרגן אים צענדליקער טויזנטער... פאַרוואָס איז די דאָזיקע פרוי אַזוי גוט צו אים ?...

— אַ, ניין, פרוי סאָניע ! — הויבט ער אָן מיט אַ היימישערן טאָן,

— כ'בין באמת גערירט פון אייער גרייטקייט מיר צו העלפן; אָבער איך דאַרף עס נישט. איך גלויב, כ'וועל זיך אין גיכן ווי עס איז איינאָרדענען און וועל זיך אַלצדינג קאָנען אַליין פאַרשאַפן.

— זייט נישט קיין עקשן ! כ'האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ביי מיר איז עס אַ קלייניקייט. איבעריקנס, מיר וועלן מאָרגן אַלץ דערליידיקן

— האָט זי אַרויסגעזאָגט אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן.

ווייס האָט געשוויגן.

— מאָרגן קומט איר צו מיר אויף מיטאָג.

— כ'ווייס נישט, צי כ'וועל קאָנען.

— וואָס הייסט, וועלכע געשעפטן דערלויבן אייך נישט ? אומבאַדינגט, הער ווייס !

— מאָרגן וואָלט איך געוואָלט גיין אין געטאָ. אפשר, פרוי סאָניע, ווילט איר מיט מיר מיטגיין ? דאָס ערשטע מאָל ווילט זיך גיין מיט עמיצן.

— זייער גערן, — איז פרוי זילבער מסכים, — מאָרגן איז זונטיק און כ'בין פריי. קומט באַצייטנס אויף מיטאָג. מיר וועלן אָפעסן און גיין באַצייטנס. פאַרנאַכט איז נישט זיכער צו גיין אין געטאָ. עס פעלן נישט קיין בוליגאַנעס...

— גוט, אויסגעצייכנט. כ'בין אייך זייער דאנקבאר.

זיי האבן נאך א היפשע צייט גערעדט וועגן אלגעמיינע זאכן. וועגן איר מאן און קינד האט זי נאר פארבייגייענדיק דערמאנט. זי האט נאר איבערגעגעבן די דאטע ווען זיי זיינען אומגעקומען; אבער אן שום פרטים. דאס זעלבע האט זי אויך אריינגעווארפן א פאר ווערטער וועגן זיין, ווייס'ם פאמיליע. דאס איז איינגעטלעך געווען א קורצע איבערחזורונג דערפון, וואס זי האט אים שוין געהאט געשריבן אין בריוו. זי האט נאר באטאנט דאס, וואס ער, פונקט ווי זי, און פונקט ווי טויזנטער, טויזנטער אנדערע יידן, איז געבליבן אליין. זי האט אויך צוגעגעבן איין און איינציקן פרט, אז געשען איז עס דעם 7־טן סעפטעמבער 1942, בעת דער גרויסער „אקציע" אין ווארשעווער געטא. זי אליין, סאניע זילבער, איז שוין דאן געווען עטלעכע טעג אויף דער „ארישער זייט".

— אפשר, פרוי סאניע, וואלט איר מיר דאך דערציילט עפעס מער וועגן מיין פאמיליע, — האט זיך ווייס געבעטן מיט אן אומעטיקן קול.

— ניין, היינט נאך נישט. כ'וועל אייך נאך דערציילן.

זי האט עקשנותדיק אויסגעמיטן די טעמע...

ווייס האט זיך געכאפט, אז ס'איז שוין שפעט און ער האט זיך ווארעם מיט איר געזעגנט.

## ה.

ווייס האט די נאכט ווייניק געשלאפן. ער האט זיך געדרייט פון איין זייט אויפן אנדערן אויף זיין אייזערנעם, מאגערן בעטל אין רעפאטריאנטן־הויז און קיין אויג נישט געקאנט צומאכן. ער איז געווען ממש נעשפאנט: מארגן גייט ער אין געטא! צום גרויסן עמק הבכא... וויפיל פלעגט ער עס טראכטן וועגן דעם אין רוסלאנד. ער פלעגט אלץ מאלן אין דמיון דאס בילד פון חורבן און אומקום — און מארגן וועט ער עס זען אויף דער וואר, מיט זיינע אייגענע אויגן.

אין א נערוועזער שטימונג איז ער אויפגעשטאנען און זיך געלאזט איבער די גאסן. עס גלוסט זיך אים אלץ זען, אלץ באקוקן אין זיין אלטן, היימישן ווארשע. פראגע איז ווייניק צעשטערט. פראגע איז דאך באצייטנס באפרייט געווארן און די צעשטערער האבן דא נישט באוויזן אלץ חרוב צו מאכן. פראגע איז איצט זייער געדיכט באוווינט. די באוועגונג אויף די גאסן איז א שטארקע. מענטשן שטופן זיך אויף די טראטוארן. אויף טארגאווע גאס — דער האנדלס־צענטער — איז ממש נישט אדורכצוגיין. אבער גאסן אן יידן!... ווייס באגעגנט נישט קיין יידן. אלץ קריסטלעכע פנימער. און טארגאווע איז דאך פארן קריג געווען א יידישע גאס, מיט יידישע געשעפטן, מיט יידישע דורכגייער, מיטן יידישן לשון.

טיילמאל באגעגנט ער זיך מיט פיינטלעכע בליקן. עס דרייט זיך צו אים אויס א בייז פנים, מ'קוקט אים אן מיט בפירושער פאראכטונג.

און אט דערהערט ער א באמערקונג אויף זיין אדרעס, וואס איין פאליאק מאכט צום אנדערן:

— סקאנד שיען וזיאנל טען זשידעק? (פון וואנען האט זיך גע־נומען דאס דאזיקע יידל?).

— טא יעסט ניעדאזשניענטי... (דאס איז א גישט־דערשאכטענער...).

ווייסן טוט א שטאך אין הארצן און ער פארשנעלערט די טריט.

כאטש ער ווייס, אז עס זיינען פאראן אויך איידעלע פאליאקן, — אמת, א קליינע מינדערהייט, ווי א שטייגער, אזא קריסטין, וואס ביי איר האט זיך געראטעוועט פרוי זילבער, — פונדעסטוועגן דערוועקט זיך בעת־מעשה אין אים א האס צו אלעמען, צו אלע פארבייגייער. עס דוכט זיך אים, אז אלע, אלע זיינען זיי גיפטיקע יידישע שונאים; אז זיי אלע האבן א חלק אין דער יידישער אויסראטונג; אז ביי זיי אלעמען זיינען די הענט איינגעטונקט אין יידיש בלוט...

אזוי בלאנקעט ער מיט זיינע מחשבות גאס־איין, גאס־אויס ביז ער קומט צו צום ווייסל־ברעג, נעבן דער צעריסענער קערבעדזש־בריק. ער איז אראפ אונטן צום וואסער, האט אויסגעקליבן אן איינזאם ווינקל און זיך צוגעזעצט אויפן ראנד פון א צעבראכן שיפל אויפן פייכטן זאמד ביים סאמע וואסער. אנטקעגן, פון דער אנדער זייט ווייסל, האט זיך אויסגע־שפרייט די אויסטערלישע פאנאראמע פונם חרובן ווארשע. אין צענטער פונם קעגנאיבערדיקן ברעג האבן געקוקט די רואינען פון קעניגלעכן שלאס — פונם געוועזענעם „זאמעק". ווי שיין, ווי מאלעריש איז עס תמיד געווען אין פרידנס־צייט. אין אונט פלעגט עס אויסזען וואונדערלעך, בעת די אומצייליקע פייערן פון די ברעג־געביידעס פלעגן זיך שפיגלען אין די נאכטיקע טיפענישן פון דער ווייסל. אין די גוטע צייטן פלעגט ער נישט זעלטן זיין א בעלן זיך צו גאפיען אין דאזיקן בילד.

לאנג איז ווייס אזוי געזעסן א פארטיפטער אין זיינע מחשבות. זיין אמאליק ווארשע, זיין יידיש ווארשע!... די זכרונות האבן אויפגעוועקט אזא טרויער, אזא נאגנדיקן טרויער — — — וואס איז פון אלעם גע־בליבן? פון זיין גאנץ לעבן? נאר צעקרישלטע ווענט, נאר שטויב...

ער האט זיך פלוצלונג דערמאנט, אז ס'איז שוין צייט צו גיין. שוין איינס אזייגער.

ו.

דער מיטאג ביי פרוי זילבער האט זיך געצויגן ביז זייגער דריי. א היימישער מיטאג, כמעט ווי אין די אלטע גוטע צייטן. שוין לאנג ווי

וויים איז נישט געזעסן ביי אַזאַ מיטאָגס־טיש אין אַ היימישער שטוב.
עס האָט פאַרשמעקט מיט די ריחות פון אַ באַלעבאַטיש־יידישער קיך.
עס האָט אַפילו נישט געפעלט קיין גרין־קאַלירקער ליקער, וואָס האָט זיך געטרונקען ווי אַ מחיהדיקער באַלזאַם. דאָס עסן און דאָס צו־טרינקען האָט צערייצט זיין אַפּעטיט, צעוואַרימט דעם מעם; אָבער פון דער אַנדער זייט האָט עס אים ווידער דערמאָנט אַן זיין אַ מ אַ ל... זיין אַמאָליקן טיש... זיין הויזגעזינד...

נאָכן עסן האָט וויים באַלד דערמאָנט מ׳זאָל שוין גיין.

— איר איילט זיך אַזוי. די געטאָ איז דאָ אַ סטאַבילע זאַך...

— יאָ, אָבער איר ווייסט, עס ציט מיך אַהין. כ׳וואָלט שוין געוואָלט דאָרט זיין.

— גוט, גוט, מיר גייען.

און זיי זיינען אַראָפּ. פרוי זילבער האָט זיך צו דער געטאָ אָנגעטאָן באַשיידן, אָבער אין גוטן טאָן, עס האָט דאָמינירט דער טונקעלער קאָליר. איר מאַנטל, פלאַך היטעלע און רידיקיול זיינען געווען שוואַרץ. בלויז אירע האָר פון אונטערן היטעלע האָבן מאַיעסטעטיש געזילבערט. זי האָט אויסגעזען אַ סך עלטער ווי זי איז אין דער אמתן געווען.

— ווען זייט איר גרוי געוואָרן ? — טוט ער אַ ווייז מיט זיינע בליקן אויף אירע האָר.

— באַלד אין ערשטן יאָר, אין געטאָ, האָט זיך עס אָנגעהויבן און ס׳איז געגאַנגען קרעשטשענדאָ. דער עיקר נאָכדעם, ווי כ׳בין געבליבן אַליין.

— נו, און דאָרע ?... — איז אים איינגעפאַלן צו פרעגן וועגן זיין פרוי.

— אויך דאָרע איז אַ ביסל גרוי געוואָרן. אָבער דאָרע איז דאָך געווען בלאָנד, האָט זיך עס נישט געוואָרפן שטאַרק אין די אויגן.

— האָט עס איר געפּאַסט צום געזיכט ? — ווילט זיך אים וויסן.

— אירע האָר האָבן באַקומען אַ שיינעם אַש־קאָליר. ס׳איז אַלעמען געפעלן געוואָרן.

וויים האָט אַ היפּשע ווײַלע נאָכדעם געשוויגן, ווי אַריינטראַכטנדיק אין אירע לעצטע ווערטער.

— נו, און אייערע שלייפן ? — רייסט איבער פרוי זילבער דאָס שווייגן, — ווען זייט איר גרוי געוואָרן ?

— מיינע שלייפן זיינען גרוי געוואָרן אין תפיסה, אין 1940. דערזען האָב איך עס אין אַ שפּיגעלע, שפּעטער, אויף דער פאַרשיקונג, אין עטאַפּ־לאַגער קאָטלאַס.

— יעדער גרויער קאָפּ מיט זיין טראַגישער געשיכטע... — גיט ער צו אין אַן עלעגישן טאָן.

זיי זיינען געגאַנגען צופוס. ווייס האָט פאַרגעלייגט נישט צו פאָרן, ווייל ער האָט געוואָלט בעסער באַקוקן די שטאָט. זיי זיינען אריבער די פאָנטאָן־בריק און זיך געלאָזט דורך באַרג־אַרויפיקע שמאָלע גאַסן צו קראָקעווער פאָרשטאָט. אָלע ווײַלע האָט זיך ווייס אָפּגעשטעלט קוקן. אָט איז דאָס סקווערל, וווּ ס'איז אַמאָל געשטאַנען די בראָנזענע פיגור פון אָדאַם מיצקעוויטש מיט דער האַנט אויפן הארצן. דער דענקמאָל איז שוין נישטאָ. בלויז דער פּיעדעסטאָל און די טרעפּ זיינען געבליבן. אָט איז אַ צעלעכערטע פראָנט־וואַנט פון אַ קאַפּעלע. אויבן איז נאָך געבליבן די אָנשריפט איבערן קאַרניז : „רעס סאַקראַ מיזער". אויך פאַר דער דאָזיקער הייליקייט האָבן די ווילדע צעשמעטערער און וואַנדאַלן קיין דרך־ארץ נישט געהאַט.

זיי גייען צו ביזן סאַמע „זאַמעק". אומעטום — ווענט, ווענט און פּוסטע פענסטער ווי אָפענע קברים. עס שטייט נאָך אויפן שלאָס־פּלאַץ די זייל פונם קעניג זיגמונט־דענקמאָל; אָבער נאָר די זייל; דער קעניג אַליין איז אַראָפּגעשמעטערט געוואָרן פון זיין דורותדיקער הויכקייט...

זיי זיינען אריין אין דער מעד־גאַס. אַ טויטע גאַס. הייזער אויס־געהוילטע דורך בראַנד. עס דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שטיל, פאַרבאָרגן געזאַנג : דאָס ווערט איצט אָפּגעריכט אַ געבעט אין דעם האַלב־חרובן קלויסטערל אויף ראָג קאַפּוצינסקע.

— צו וועלכן גאָט בעט מען עס איצט צווישן די דאָזיקע חורבות ?...

— וואַרפט אריין ווייס אַ פראַזע.

— גוט איז די יעניקע, וואָס קאָנען נאָך גלויבן. — פאַלט אַן ענט־פער פון פרוי זילבער.

זיי זיינען צוגעקומען צו קראַשינסקי־פּלאַץ.

— דאָ, — דערקלערט אים פרוי זילבער, — איז שוין געווען די אַנ־דערע זייט גרעניץ פון געטאָ. דאָ אויפן פּלאַץ זיינען עס בעתן געטאָ־אויפשטאַנד געשטאַנען די דייטשישע האַרמאַטן און האָבן באַשאָסן די ברענענדיקע געטאָ. דאָ איז עס דאַן געשטאַנען אַ פּוילישער המון און האָט זיך צוגעקוקט מיט שפּאַנונג צום „ספּעקטאַקל", וואָס די דייטשן האָבן געגעבן...

ווייס איז געווען שטום און בלייך. ער איז געגאַנגען מיט זייער פאַ־מעלעכדיקע טריט, אָפּשטעלנדיק זיך אַלע ווײַלע, פּונקט ווי מ'גייט אויף אַ בית־עולם בעת אַ לוויה פון אַ נאָענטן...

זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורכן גאַנץ געבליבענעם טראַמוויי־טונעלכל

ביי דער געריכטס־געביידע און זייענען אריין אין שטח פון געטא. ביידע האבן נישט גערעדט. זיי האבן געשטומט, גלייך ווי אין אנגעזיכט פון א מת. ווייס האט געקוקט, געקוקט מיט אויפגעריסענע אפלען אין דעם גרויסן, וויסטן חלל פון ארום, אן אומהיימלעכער, מאוימדיקער חלל, וואס איז געלעגן אויסגעשפרייט איבער א ריזיקן, אומענדלעכן שטח. זיין בליק האט נאר פארנומען — ציגל, ציגל, ציגל. חמרים צעשאטענע ציגל. קור־פעם און ברעגלעך ציגל, וואס ווערן פארפאלן אין דער ווייטעניש. דאס אויג האט זיך נישט אויף וואס אנצושלאגן, א חוץ אויף דעם ווייטן גאר־טישן טורעם פון דער עוואנגעלישער קירך דארט אויף דער געוועזענער נאוואליפקי און פון רעכטס — העט ווייט אויף די הייזער פון זשעלי־באזש, וואס הינטער די גרעניצן פון ווארשע.

ווייס האט געוווסט, אז דא האט געדארפט זיין זיין גאס, זיין שווענ־טא־יערסקע. ער האט גענומען גיין דער ערשטער און זי איז אים נאכ־געגאנגען. זיי זיינען געקראכן דורך דער פארשאטענער גאס, ארויף־אראפ, איבער ברעגלעך גרוז און ציגל־שטויב. לויט דעם אייזערנעם פארקאן פון קראשינסקים גארטן האט ער זיך אריענטירט ווו ס'איז געשטאנען דאס הויז, אין וועלכן ער האט געוווינט. כמעט קעגנאיבער דעם גארטן־טויער. ער איז צוגעגאנגען צו די קופעס ציגל, וואס זיינען געבליבן פונם הויז. ער איז שטיין געבליבן מיט אן אראפגעלאזטן קאפ. אזוי שטייט מען אי־בער א קבר פון א נאנטן... ער האט זיך נישט געקאנט באהערשן. זיינע אויגן זיינען פארלאפן געווארן מיט טרערן.

פרוי זילבער האט אים געלאזט שטיין אזוי א היפשע צייט אין זיין אפגעזונדערטער פארזונקנקייט. זי האט זיך עקסטרא אפגעקערט פון אים און איז צוגעגאנגען הארט צו דער גארטן־צוים און אריינגעקוקט דורך די שטאכעטן. אז עס האט שוין צו לאנג געדויערט, האט זי פונדערווייטנס אים איבערגעריסן:

— הער ווייס, גענוג אויף היינט... איר וועט נאך דא נישט איין מאל זיין... קומט א ווייל אהער. זעט.

ער האט זיך אפגעריסן פון זיין ארט און איז צוגעגאנגען צו איר. ער האט גענומען אריינקוקן אינעווייניק. דאס ערשטע, וואס ער האט דערזען, איז א גאנצע גרופע אנגעשאטענע קברים, מיט ברעטלעך צור־קאפנס.

— ווער ליגט עס דא?

— דאס ליגן די קרבנות פון ווארשעווער אויפשטאנד. אין אייל־עניש האט מען זיי דא באגראבן.

ווייס דערקענט נישט דעם גארטן: אינגאנצן חרוב, שיטער, דאס

סטאַוול אויסגעטריקנט. אויף דער ערד וואַלגערן זיך אומגעוואָרפענע בוי־מער. וויסט און פאַרשעמט. דאָס איז דאָך געווען אַמאָל דער יידישער גאָרטן. דער נאַלעווקער גאָרטן. דאָ פלעגן תמיד יידן זיצן אויף די בענק און „פּאָליטיקירן"... דאָ איז פול געווען מיט קינדער־וועגעלעך, מיט יידי־שע מאַמעס און יידישע קינדערלעך. אויפן ברעג פון סטאַוול פלעגן קינ־דער וואַרפן שטיקלעך זעמל צום רחבותדיק־שווימענדיקן שוואַן. אהער פלעגט זיך ווייס אַליין כמעט אַלע טאָג אַריינכאַפּן אין אַ פרייער מינוט איבערצוקוקן אַ צייטונג.

— קומט. איצט וועל איך אייך ווייזן מיין גאַס — מיין קאַרמע־ליצקע.

— זאָגט מיר, פּרוי סאָניע, אונטער די חורבות מוזן ליגן אַ סך מענטשן, האַ ?

— אָ, זייער אַ סך. בעתן געטאָ־אויפשטאַנד זיינען אַ סך פאַרשאָטן געוואָרן אונטער די איינגעפאַלענע ווענט.

— כ'האָב געטראַכט, שטייענדיק דאָרט ביי מיין הויז... ווער ווייס... אפשר ליגן זיי דאָרט ?...

— אָ, ניין. דאָס ווייס איך געווים. דאָרטע מיטן קינד זיינען אַרויס־געפירט געוואָרן קיין מאַידאַנעק, בעת דער גרויסער „אַקציע" אין סעפּ־טעמבער 1942. כ'האָב עס אייך שוין דערציילט. דאָס ווייס איך פון שכנים פון אייער הויז, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון יענער „אַק־ציע" אויף דער „אַרישער זייט".

— וועלכע שכנים ? ווי הייסן זיי ?

— די לעווקאָוויטשעס, אַ טאָכטער פון די ראָזענפעלדס.

— וו זיינען זיי איצט ?

— זיי זיינען שפּעטער אַלע אומגעקומען אויף דער „אַרישער זייט", בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשע.

זיי זיינען ווי עס איז אַרויסגעקראָכן פון דער פאַרשאָטענער שווענ־טאָ־יערסקע און אַרויפגעקומען אויף נאַלעווקעס. דער מיטן גאַס איז שוין דאָ אָפּגערייניקט פון ציגל. אַן אָפּט געיעג פון „טאַקסוווקעס" און אויטאָבוסן, וואָס קורסירן צווישן וואַרשע און זשאָליבאָזש. אַ ריינער, נאַקעטער ברוק צווישן קופּעס ציגל פון ביידע זייטן גאַס. די יידישע נאַ־לעווקעס ! דער אַמאָליקער האַנדלס־נערוו פון וואַרשע ! ווייסן דערמאָנט זיך דער כסדרדיקער הו־האַ און האַרמידער. אויף די טראָטואַרן האָט דאָ אייביק געראַיעט פון מענטשן. אַ שטענדיקע שטופּעניש און שטויסעניש אַן אַ „זייט מיר מוחל" און אַן אַ „פּשעפּראַשאַם"... יידן אין די שמאָלע חסידישע היטעלעך און יידן אין קאַפּעליושן — „דאַאַטשן"... יידן וואַר־

שעווער און פּראָווינצער. אויפן ברוק פּלעגט עס רוישן פון שווערע משאַ־פּלאַטפאָרמעס מיט דיקע לייבן־פערד און מגושמדיקע רויט־קאַרקיקע באַ־לעגאָלע־יונגען. טראַמווייען פּלעגן קלינגען, רעדער פּלעגן גרילצן, שטימען פּלעגן זיך אויסמישן אין געטומל. נאַלעווקעס! יידישער האַנדל! יידיש לעבן!... און איצט... וואָס זעען זיינע אויגן? — — — — — — — —

פרוי זילבער נעמט אָן וויסן ביים אָרעם און רייסט אים איבער די געדאַנקען:

— קומט ווייטער, ס׳ווערט שפּעט.

אויך נאָוואָליפּקי איז אַ פאַרשאָטענע גאַס. אין דער מיטן מיט קאָן מען ווי עס איז קוים דורכקריכן דורך אַ זיגזאַגעדיקער שמאָלער סטעזשקע.

— איר זעט, דאָ איז קאַרמעליצקע. אבסאָלוט נישט צו דערקענען.

קאַרמעליצקע איז לחלוטין פאַרשאָטן, אָן אַ דורכגאַנג אפילו. די גאַס איז געווען אַ שמאָלע און די קופּעס ציגל פון ביידע זייטן האָבן זיך צו־נויפגעשאָטן צוזאַמען און געבילדעט איין געבערגלטע הויכקייט. זיי זיי־נען פּאַמעלעך געקראָכן, זיך געדראַפּעט ווי בערג־גייער צווישן ווילדע פעלזן.

— אָט דאָ ביי ראָג נאָוואָליפּיע איז געווען מיין הויז. איר געדענקט דאָס.

— יאָ, איך געדענק; אָבער איך דערקען בשום אופן נישט דאָס אָרט.

זי האָט אים גענומען דערקלערן און אויפווייזן, אַז אָט דאָ טאַקע, דער גרויסער באַרג — זי האָט סימנים לויטן עוואַנגעלישן שפּיטאָל אויף ראָג מילנע — איז געווען איר הויז.

זיי האָבן זיך ווייטער געדראַפּעט איבער די בערג און קוים צוגעקו־מען צו לעשנאָ. אויף לעשנאָ האָט מען זיך שוין געקאָנט פריי באַוועגן. דאָרט האָט נאָר איין זייט — די זייט מיט די גראָד־נומערן — געהערט צו דער געטאָ. דאָ ביים סאַמע טראָטואַר האָט זיך געצויגן די געטאָ־מויער. דער קעגנאיבער האָט שוין געהערט צו דער „אַרישער זייט", און דאָרט האָבן זיך אַפילו אָפּגעראַטעוועט געציילטע הייזער.

וויים האָט זיך שווייגעוודיק געלאָזט פירן פון פרוי זילבער. זי האָט אים געוויזן די חורבות פון דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקיע. דער גאַנ־צער פּלאַץ מיטן סקווערל פאָרנט איז פאַרשאָטן מיט די איינגעפאַלענע ווענט.

זי האָט געפירט אַ וויילע צו די חורבות:

— אָט דאָס איז געבליבן פון אַלע יידישע הייליקייטן...

פון דאָרט האָט אים פרוי וויים געפירט דורך רימאַרסקע אין זאַק־סישן גאָרטן.

אין גאָרטן — אַ שטילקייט.

— לאָמיר זיך אַ ביסל צוזעצן.

ווײַס קוקט זיך אַרום און דערקענט נישט: נישטאָ די טונקעלע אַלייען. די גרויסע ליפּעס און קאַשטאַנען־ביימער זײַנען נעלם געוואָרן. טייל ליגן וואַ־נישט־וואו אויסגעצויגן אויף דער ערד און טייל זײַנען מס־תמא אַוועק אויף אַנדערע צוועקן. אַ טרויעריקע פּוסטקייט. די בלומען־קלומבעס ווײַסט און צעטראָטן. די סטאַטועס צעזעצט, צעניזוקט. דער סטאַוו אויסגעטריקנט און לער, ווי אַן אויסגערונען אויג.

ס׳האָט גענומען ווערן פאַרנאַכטלעך, טונקעלער. אין דער פּוסטקייט פון גאָרטן האָט זיך אויסגעלייגט אַ נאָך שווערערער אומעט. ביידע האָבן דערשפּירט די אומהיימלעכקייט.

— קומט! — האָט זי אויסגערופן, — כ׳קאָן דאָ לענגער נישט זײַן...

זיי זײַנען אַרויס פון זאַקסישן גאָרטן, פאַרביי דעם צעשטערטן פּאָ־ניאַטאָווסקי־דענקמאָל און צוריק אָנגעקומען אויף קראַקאָווער פּאָרשטאָט. פון דאָרט זײַנען זיי שוין צוריקגעפאָרן מיט אַן אויטאָבוס קיין פּראַגע. ווײַס איז געווען זייער אומעטיק און שווײַגעוודיק. דאָס בילד פון געטאָ האָט אים אינגאַנצן דערדריקט. ער וואָלט בעסער איצט געוואָלט זײַן אַליין מיט זײַנע געדאַנקען. פרוי זילבער איז אים איצט געווען ווי אַ לאַסט. און אַז זי האָט פאָרגעלייגט אַרויפגיין צו איר אויף אַוונט־ברויט, האָט ער זיך דורך עפּעס אַן אויסרייד קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— אָבער מאָרגן אויף מיטאָג קומט איר?

— צו וואָס? ביים קאָמיטעט איז דאָך פאַראַן אַ קיך.

— אומבאַדינגט קומט. אגב, דאַרף איך אײַך מאָרגן זען.

— וואָס אַזוינס? — ווערט ער פאַראינטריגירט.

— איר וועט קומען, וועט איר ווייסן.

ביים געזעגענען זיך האָט זי ווידער איבערגעחזרט:

— אומבאַדינגט!

ווײַס איז אַוועק אַ דערשלאָגענער. כאָטש ער האָט זיך נישט גע־מאַכט קיין שום אילוזיעס און האָט נישט געגלייבט, אַז ער וועט נאָך געפינען עמיצן פון זײַנע נאָענטע אין וואַרשע, פונדעסטוועגן איצט, נאָכן באַזוך אין געטאָ, האָט ער דאָס געפיל, גלייך ווי דאָס אומגליק וואָלט ערשט געשען און ער דערשפּירט די וווּנד אין איר גאַנצער פרישקייט און שאַרפקייט. אַ גאַנצע נאַכט כמעט איז ער אָפּגעלעגן מיט אָפענע אויגן. אַז ער איז אויף אַ ווײַל אַנדרימלט געוואָרן, האָבן אים גענומען פּײַניקן קאָשמאַרן: שיסערייען... גרוילן... קאַלד-אויוונס... ער האָט גע־

נומען שווער אָטעמען, שרייען פון שלאָף און זיך אויפגעכאַפּט אַ באַנאַ־
סענער מיט אַ קאַלטן שווייס.

## ז.

צומאָרגנס איז ווייס באַלד אין דער פרי אַרויס אין שטאָט מיט דער כוונה, אַליין צו בלאָנקען איבער די חרובע גאַסן. ער איז ווידער אָנגע־קומען אין געטאָ. עס האָט אים אַהין געצויגן עפּעס אַ בלינדע קראַפט. ער איז אומגעקראָכן אומעטום, איבער אַלע ראַיאָנען פון געטאָ, איבער אַלע גאַסן און פּלעצער, איבער וויסטע שטחים, וועלכע האָבן שוין באַוויזן פאַרוואַקסן צו ווערן מיט ווילדגראָז. דאָ־דאָרטן וואַלגערן זיך צעבראָכע־נע קיך־געשיר, צעקרימטע, פאַרזשאַווערטע סקאָווראָדעס, פאַרבלאָטיק־טע טעפּ, צעניזוקטע קינדער־וועגעלעך, שימות פון יידישע ספרים. ווייס באַטראַכט אַלצדינג, לאָזט קיין זאַך נישט אַדורך פון זיין בליק. אַזוי פון בערגל צו בערגל, פון קופּע צו קופּע. ער ווערט גאָר נישט מיד און עס אַרט אים נישט דאָס קריכן איבער די צעקרישלטע ציגל. אין מוראַנאָווער ראַיאָן באַגעגנט ער אַנדערע יידן, וואָס קריכן אום איינציקווייז איבער די חורבות אַזוי ווי ער, און ער דערפרעגט זיך צום „אומשלאַגס־פּלאַץ". ער בלייבט שטיין אַ היפּשע ווייל ביים צוים און קוקט אַריין אינעוויי־ניק אויפן פּלאַץ, גלייך ווי ער וואָלט געזוכט די טריט־שפּורן פון די קרב־נות איידער מ'האָט זיי פון דאַנען געלאָדן אין די טויט־וואַגאָנעס...

און אַזוי בלאָנקענדיק און אַזוי קריכנדיק, איז ער אויך אָנגעקומען אויפן גענשער בית־עולם: ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט צו גיין אויפן טאַטנס קבר. דער „לעבעדיקסטער" אָרט, ווייזט זיך אַרויס, איז דאָ דער בית־עולם. כאָטש די טהרה־שטוב איז שוין נישטאָ און טייל מצבות זיי־נען צעוואָרפן, אָבער בכלל האָט דער בית־עולם אַ נאָרמאַל אויסזען. די פראָנט־אַלייע איז כמעט גאַנץ. די ביימער שטייען אויף זייער אָרט, האָבן שוין צעלאָזט די קנאָספּן און רייצן מיט פרילינגדיקער גרינקייט. די קינסטלערישע מצבות זיינען אויך גאַנץ געבליבן. אַפילו דער „אוהל פּרץ" שטייט ווי געווען. ער איז נאָר געוואָרן טונקעלער, איינגעהילט אין אַ מרה־שחורה... „אַפּנים — טראַכט ווייס — די דייטשן האָבן דאָ געגנוג געהאַט צו טאָן מיט די לעבעדיקע יידן, האָבן זיי צורו געלאָזט די טויי־טע"... ווייס בלאָנקעט צווישן די שורות קברים און באַמערקט, אַז אונ־טער אַ סך קברים זיינען פאַראַן עפענונגען, פאַרשלייערטע מיט געוויקסן. דאָס האָבן זיך עס יידן געפּרוווט מאַכן בונקערס, כדי ביי די טויטע זיך צו ראַטעווען פון טויט...

ער האָט געזוכט, געזוכט צווישן די קברים ביז ער האָט געפונען — דעם קבר פון זיין טאַטן. די מצבה האָט זיך שטאַרק איינגעבויגן, איז

טיפער איינגעזונקען, ווי פון אייגענעם שווערן טרויער. א סך אותיות אפּגעריבן, צעקרישלט, דאָס בערגל געדיכט פאַרוואַקסן מיט הויכן, ווילדן גראָז. ווײַס האָט זיך ממש אײַנגעבראָכן. „דער איין־און־איינציקער קבר, וואָס איך פאַרמאָג איצט אויף דער וועלט"... — האָט ער געטראַכט אין זיין גרויסן טרויער, — „וווּ איז דאָס געביין פון דער מאַמען? פון דאָ־רען? פון קינד?"...

— טאַטע! — האָט זיך ביי אים אינסטינקטיוו אַרויסגעריסן אויפן קול.

דאָס דאָזיקע וואָרט האָט קיינער נישט געהערט — קיינער איז אויפן בית־עולם נישט געווען. אַמאָל פלעגט דאָ זיין תּמיד טומלדיק. יאָרציַיטן, לוויות, אַן עולם מלווים. היינט אָבער... אַז עס לעבן נישט קיין יידן, שטאַרבן נישט קיין יידן...

„אל מלא רחמים שוכן במרומים..." — קלינגט אים אָפּ יענער טרויעריקער ניגון ווי אַ וויַיטער עכאָ אין דמיון. פאַר די אויגן זעט ער קלאָר יענע יידן אין קאַפּאָטעס, אין חסידישע היטעלעך — די שטענדיקע הזכּרה־מאַכער אויפן „גוטן אָרט".

שווער איז אים אָנגעקומען דאָס אָפּרייסן זיך פון טאַטנס פאַרלאָזענעם קבר. עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט אים דאָ צוגעהאַלטן. אַן איינגעהויקערטער, אַ פאַרמרה־שחורהטער, האָט ער געמאַכט אין דער מחשבה דעם שווערן סך־הכּל פון פאַרלוירענע יאָרן און פון פאַרלוירענע נאָענטע... „מי במים ומי באש, מי בחרב..."... און געווען רגעס, בעת אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס שטומע קבר איז אַ לעבעדיק וועזן, פאַר וועמען מ'קאָן זיך אויסטענהן, אויסגיסן דאָס צעבראָכענע האַרץ... אַז דאָס שטומע קבר הערט אַלץ, פאַרנעמט אַלץ און טרויערט־מיט — — —

ווײַס האָט לסוף אָפּגעריסן דערנעבן איין הויפן גראָז, אַ צווייטן, אַ וואָרף געטאָן אויפן טאַטנס בערגל און מיט שטילע, זייער פּאַמעלעכע טריט זיך דערווייטערט.

צוריקוועגס האָט ער זיך ווידער דערשלאָגן דורכן מדבר פון צעשאָטענע גאַסן צו זיין שווענטאָ־יערסקע, צו זיין הויז. ער האָט זיך אַני־דערגעזעצט האַרט ביי די קופּעס גרוז אויף אַ פּאָר אונטערגעלייגטע ציגל — ווי אויף אַ שבעה־בענקעלע — און איז אַזוי אָפּגעזעסן אַ היפּשע צייט מיט שטומע, שטאַרע בליקן אינם מדבר...

אַ פאַרבייגייענדיקע גרופּע יידישע יונגעלייט האָט איבערגעריסן ווײַסן פון זיינע טרויעריקע מחשבות. זיי האָבן אים עפּעס געפרעגט און ער האָט זיי געדאַרפט ענטפערן. ווײַס האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז שוין שפּעט. ער האָט זיך אויפגעהויבן, געדרייט זיך נאָך אַ ביסל הין און

צוריק ביי זיין „הויז" און אויסגעקליבן פונם ציגל־בארג א שטיקל גלאנ־
ציקן קאפל — לזכרון !... — איינגעוויקלט עס אין א צייטונג און זארג־
פעליק אריינגעלייגט אין טאש. „אפשר איז עס טאקע פון מיין אויוון"...
— האט ער געטראכט.

און איז אוועק.

---

פרוי זילבער האט שוין געווארט אויף וויסן מיטן מיטאג. ווי נאר
ער איז געקומען, האט מען זיך גלייך געזעצט צום טיש. דער טיש איז
שוין געווען באצייטנס סערווירט. אין קליינע טעצלעך זיינען שוין גע־
לעגן סארדינען — ווי א פארשפייז — און פון מיטן טיש האט פאר־
שמעקט אנגעשניטענער ווייסער, פרישער ברויט.

ביים עסן האט איר וויים דערציילט וועגן זיין היינטיקן „שפאציר".
דערמיט האט ער געוואלט באהעכטיקן זיין פארשפעטיקונג.

— איר דארפט נישט גיין אליין אין געטא. ס'איז נאך אין ווארשע
נישט אזוי זיכער. היטלער האט דא איבערגעלאזט גענוג סם... אויף די
שאסייען געפינט מען כסדר דערמארדעטע יידן... די „נ.ס.ז."־באנדעס 24)
שלעפן ארויס יידן פון אויטאבוסן און אפילו פון באנען... איר האט עס
נאך נישט געהערט?...

— דאס לעבן איז גארנישט אזוי טייער, מ'זאל דארפן איבער אים
ציטערן... — רעדט וויים מיט א טאן פון רעזיגנאציע.

— מ'דארף אזוי נישט ריידן, — באמערקט זי, — אויב מיר האבן
זיך אזוי אנגעליטן און זיך געראטעוועט, דארף מען דאס לעבן אזוי
לייכטזיניק נישט אוועקגעבן. מ'דארף ווייטער לעבן און אלץ ווידער אויפ־
בויען... זעט איר, ביי מיר איז א גאנץ אנדער שטימונג: כאטש כ'האב
זיכער געליטן נישט ווייניקער פון אייך און כאטש כ'האב אויך פאר־
לוירן אלעמען אזוי ווי איר...

— קאן זיין, איר זייט גערעכט. אבער כ'בין אונטערן פרישן רושם
פון געטא.

אין א ווײלע ארום האט זי נאך צוגעגעבן, ווי צו דערגאנצן א גע־
וואגטן געדאנק :

— איר ווייסט, ווי עס גייט דא איצט צו ? אט עס טרעפן זיך
פריינט, געראטעוועטע פריינט... ווער פון רוסלאנד, ווער פון די דייט־
שישע לאגערן... מ'איז עלנט... קיינער נישט געבליבן... פארבינדט מען
זיך און מ'שפינט ווייטער דאס לעבן...

---

24) אנטיסעמיטישע, פויליש־נאציאנאליסטישע גרופירונג.

וויים האָט געהערט און געשוויגן. אירע לעצטע ווערטער האָבן אים אַזש זשעגירט. וווהין צילט פרוי זילבער ?... ווי דאַרף ער עס פאַר־שטיין ?... ער מאַכט דעם חשבון : פאַר דער מלחמה איז ער מיט דער פאַמיליע זילבער געווען גוט באַפריינדעט. זי פלעגט אָפט אַרויפקומען מיט איר מאַן צו זיי, און ער מיט זיין פרוי — צו די זילבערס. ביידע פרויען זיינען דאָך געווען חברטעס נאָך פון דער גימנאַזיע. אָבער וויים האָט קיינמאָל נישט געקוקט אויף פרוי זילבער ווי אויף אַ פ ר ו י. אַלס פרוי האָט זי אים לחלוטין נישט אינטערעסירט. ער איז צו איר געווען גלייכגילטיק. אין זיינע אויגן האָט איר שטענדיק געפעלט ווייב־לעכקייט, רייץ. אין איר געזעלשאַפט האָט ער זיך געפילט ווי אין דער געזעלשאַפט פון אַ מאַנסביל... אויב ער איז אַמאָל געווען אַ ביסל איי־פערזיכטיק צו איר מאַן צוליב יענעמס אַמאָל שוין צו־פריינטלעכער באַ־נעמונג צו זיין דאַרען, האָט אָבער דאַרע קיינמאָל נישט געהאַט קיין גרונט פאַר אייפערזוכט צו איר חברטע... דאַרע האָט גוט געקענט זיין גלייכגילטיקע באַציאונג צו פרוי זילבער. און דאָס איז דאָך שוין געווען אַמאָל, בעת פרוי זילבער איז נאָך געווען יינגער, אַז אירע לעצטע פיינ־לעכע יאָרן, אַז אירע קניימשעלעך אויפן שטערן און אַרום די אויגן און אַז איר גרויען קאָפּ... אַ פשיטא שוין איצט פילט ער לחלוטין גאָרנישט צו איר. אמת, ער זעט אין איר ווי אַן אָפּגעראַטעוועטן נאָענטן קרוב, ווי אַ פריינט, ווי אַ שוועסטער. ער איז זייער צופרידן, וואָס זי איז דאָ, וואָס עס איז פאַראַן כאָטש איין מענטש פון זיין אַ מ אָ ל... וואָס ער קאָן דורך איר געוויר ווערן וועגן אַליץ און אַלעמען... זי איז פאַר אים ווי דער פאָדים, וואָס פאַרבינדט אים מיט זיינע פאַרלוירענע נאָנ־טע, מיט זיין פאַרגאַנגענעם לעבן...

נאָכן עסן האָט פרוי זילבער אַרויסגענומען אַ פעקעלע פון שאַנק און עס פאַנאַנדערגעבונדן.

— דאָ האָב איך אייך געבראַכט עטלעכע קלייניקייטן פון מיין גע־שעפט. זעט.

זי האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ פאָר זיידענע העמדער, צוויי קראַ־וואַטן, אַ סוועטער, נאָז־טיכלעך, סקאַרפעטן.

— אַך, צו וואָס ? נישט נויטיק.

— וואָס הייסט „נישט נויטיק" ? איר מוזט דאָך זיך אָנטאָן.

— וויפיל באַטרעפט עס ? כ'וויל וויסן וויפיל כ'בין אייך שול־דיק... צי קאָן איך אויף זיך נעמען אַזאַ חוב...

— נישקשה, איר מעגט ריזיקירן... וועלכן נומער העמדער טראָגט איר ?

— כ׳האָב אַמאָל געטראָגן 40. היינט ווייס איך נישט. שוין לאַנג נישט געקויפט קיין ניי אויבער־העמד...

— האָב איך טאַקע גענומען אַ 40. און איצט וועלן מיר באַלד גיין קויפן אַן אַנצוג...

— אָ, ניין, דאָס נישט!

— וואָס הייסט „דאָס נישט״? קוקט אַריין אין שפּיגל, ווי איר זעט אויס... ווי אַזוי זשע וועט איר גאָר אָנטאָן אַ ניי העמד צו דעם דאַזיקן „לאַד״...[25] פאַר איינוועגס וועלן מיר שוין אויך אַריינגיין קויפן אַ פּאָר שיך...

— פרוי זילבער, כ׳מיין באמת... ווען וועל איך אייך קאָנען אָפּגעבן אַזאַ חוב?...

— זייט רואיק, קיין עקזעקוטאָר וועל איך צו אייך נישט שיקן...

— אָבער... כ׳ווייס באמת נישט...

— דערליידיקט! — האָט זי אים איבערגעריסן, — קומט, לאָמיר טאַקע שוין גיין, ווייל איך האָב ווייניק צייט.

פרוי זילבער האָט אים ממש מער נישט געלאָזט קומען צום וואָרט, כדי צו אָפּאָנירן און ער איז איר געהאָרכזאַם, ווי אַ קינד אַ דערוואַקסע־נעם, נאָכגעגאַנגען פון די טרעפּ אַראָפּ. אויפן וועג האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז אפשר איז טאַקע רעכט אַזוי, וואָס פרוי זילבער איז צו אים אַזוי האַרציק: איז זי דאָך דער איינציקער נענטערער מענטש פון זייער אַמאָליקן קרייז, דערצו נאָך אַזאַ נאָענטע חברטע פון זיין דאַרען — פילט זי זיך דערפאַר טאַקע ווי אַ היימישער מענטש, וואָס איז מחויב פאַר אים צו זאָרגן אין איצטיקן מאָמענט. ער האָט דאָך קיינעם נישט, אחוץ איר. און מסתמא אַזוי, און נישט אַנדערש, טראַכט זי אויך. מסתמא האָט זי נישט קיין אַנדערע כוונות וועגן אים. עס לייגט זיך אַזוי אויפן שכל... און ווי באַלד אַזוי, מעג ער איר לאָזן אויסגעבן אויף אים אַ ביסל געלט. אמת, ער וועט עס אַלצדינג פאַרשרייבן, כדי איך שפּעטער באַ־צאָלן ביז אַ גראָשן...

אַזוי האָט זיך ווייס במחשבה פאַרענטפערט זיין אומבאַהאַלפענעם מצב.

פרוי זילבער איז אַריין מיט ווייסן אין אַ גרויסן קאָנפעקציע־מאַגאַזין אין פּראַגע. מ׳האָט ווייסן אָנגעפּאַסט איין אַנצוג, אַ צווייטן, אַ דריטן ביז מ׳האָט צוגעקליבן אַ גאַנץ נישקשהדיקן גרויען אַנצוג, וואָס האָט אים גוט געפּאַסט. מ׳האָט נאָך געדאַרפט איבערשטעלן די פּאָר קנעפּלעך,

25) טראַנטע.

וואָס מ'האָט תיכּף צורעכט געמאַכט הינטער אַ וואַנט פון מאַגאַזין — אין וואַרשטאַט. פאַר איינוועגס, גאַרנישט פרעגנדיק ווייסן, האָט זי אויך געהייסן דערלאַנגען אַ זומער־מאַנטל. ווייס האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען און זיך שווייגנדיק געלאָזט אָנפּאַסן. דאָס איז געווען אַ גאַבאַר־דין־מאַנטל פון אַ דיסקרעטן בעזש־קאָליר. מ'האָט אַלץ פּאַרפאַקט. פרוי זילבער האָט זיך צערעכנט און באַצאָלט. פון דאָרט איז מען אַריין באַלד דערנעבן אויף טאַרגאָווע אין אַ שיך־געשעפט. מ'האָט זייער גיך צוגע־קליבן פאַר ווייסן אַ פּאָר מאָדערנע ברוינע שיך. עס האָט נאָך וויניקער געדויערט ווי אין קליידער־מאַגאַזין.

אויף דער גאַס האָט פרוי זילבער געזאָגט ווייסן מיט אַ כמעט באַ־פעלערישן טאָן:

— גייט אַרויף איצט צו מיר — איך מוז צולויפן אין געשעפט אַריין — און וואַרט דאָרט אויף מיר. כ'קום אין אַ שעה אַרום. נאָט אייך די שליסלען.

פרוי זילבער איז געקומען פריער, ווי זי האָט גערעכנט.

— איצט, הער ווייס, וועט איר זיך מאַכן אַ דוש און זיך איבער־טאָן פון קאָפּ ביז די פיס, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. געגנוג געווען „בע־זשעניעץ"...

זי האָט אים אַלץ צוגעגרייט און איז ווידער אַוועקגעגאַנגען אין גע־שעפט אַריין.

— איר וועט דאָ וואַרטן אויף מיר. זייגער זיבן בין איך ווידער דאָ.

ווייס האָט זיך געפילט נעבעכדיק און אומבאַהאָלפן און האָט אויף אַלץ געמוזט צושאָקלען מיטן קאָפּ... „גאָט מיינער! וואָס וועט דאָ ווי־טער זיין?"... — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק.

ווייס האָט אַריינגענומען אין וואַנע־צימער אַלע נייע זאַכן זיינע. ער האָט זיך אויסגעבריט אונטערן דוש פאַר אַלע צייטן און זיך דער־שפירט גרינגער און פרישער. ער האָט גענומען מאַכן גימנאַסטישע באַ־וועגונגען מיט די הענט, מיט די פיס און מיטן גאַנצן קערפּער, ווי וועלנ־דיק אַ פּרוּוו טאָן זיינע גלידער, צי זיי טויגן נאָך צו עפּעס. דאַן האָט ער פּאַמעלעך, מיט כוונה, זיך גענומען אָנטאָן. די נייאינקע וועש האָבן אים געגלעט דאָס דערהיצטע לייב מיט אַן אָנגענעמער קילקייט. דאַן קומען די דעליקאַטע, פיין־געשטרייפטע סקאַרפּעטן, די עלעגאַנטע שיך, דער אָנצוג, דער פיינער קראַוואַט... — אַלץ האָט אים אַריינגעבראַכט ווי אין אַ פאַנטאַסטישער פאַרוואַנדלונג. ער האָט געשפּאַנט איבערן צימער, זיך אָנגעקוקט אין שפּיגל — אַן אַנדער מענטש! ער געדענקט זיך שוין כמעט נישט אַזאַ. ווייס האָט זיך ממש נישט געקאָנט צוגעווינען צו

זיין איצטיקן אויסזען. דאָ האָט ער זיך געזעצט, דאָ אומגעשפּרייזט, דאָ זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל... „אָבער נאָך אַלעמען — וואָס פאַר אַ מיין האָט זי, די איידעלע סאָניע זילבער ?”... — קומט אים ווידער אַ פראַגע אין געדאַנק.

זייגער זיבן איז פרוי זילבער צוריקגעקומען פון געשעפט. זי האָט אים באַגריסט כמעט מיט אַ געלעכטער :

— ערשט איצט דערקען איך אייך... איצט זייט איר ווידער דער אַמאָליקער ווייס. נו, ווער איז גערעכט געווען ?

— אָ, שוין נישט דערזעלבער. נאָך אַזעלכע יאָרן ?...

— מיר האָבן זיך אַלע געענדערט... אָבער אַז ע פּ ע ס איז נאָך אונז געבליבן... לאָמיר בעסער נישט אַריינטראַכטן... איז וואָס־זשע זאָגט איר ? כ׳בין גערעכט געווען מיט מיין עקשנות ?

— יאָ, כ׳פאַרשטיי... אָבער...

— קיין שום „אָבער”! איצטער וועלן מיר קאָנען אַרויסגיין ערגעץ אין אָוונט : אין אַ קינאָ, אין קאַפע.

— פאַראַן דאָ לייטישע קאַפייען צווישן די חורבות ?

— וואָס רעדט איר ? איר זייט נאָך נישט געווען אין אָוונט אויף יערוזאַלימסקע, צי העכער אויף מאַרשאַלקאָווסקע. אפילו צווישן חורבות ברויזט דאָס לעבן. טעאַטערן, קינאָס, קאַפייען. אַזוי איז עס : די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, מוזן בויען ווייטער דאָס לעבן, צי דאָס איז נוגע דעם יחיד, צי דער געזעלשאַפט.

און טאַקע אויף דער דאָזיקער טעמע — וועגן ווידעראויפבוי פונם לעבן — איז געגאַנגען דער גאַנצער שמועס בעתן אָוונט־ברויט. פרוי זילבער האָט אילוסטרירט איר געדאַנק מיט אַ גאַנצער ריי ביישפּילן, ווי אַזוי, אַ שטייגער, עס קומען איצט פאַר אַפּטע יידישע חתונות אין וואַרשע; ווי שנעל עס שאַפן זיך פאַרבינדונגען צווישן די איינזאַם־פאַרבליבענע מענטשן.

— פאַרפאַלן, — זאָגט זי, — מען מוז זיך פאַרגעסן... עס העלפט נישט דאָס כסדרדיקע טרויערן... איר מיינט, אַז איר האָט גוט געטאָן, וואָס איר זייט היינט ווידער געלאָפן אין געטאָ ?...

— עס האָט מיך געצויגן אַהין... כ׳בין אַגב געווען אויף קבר אָבות... ביים טאַטנס קבר... דוכט, כ׳וועל מאָרגן ווידער אַהין גיין...

— אָ, ניין, איר דאַרפט עס נישט טאָן. מ׳דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן זיך אַליין... איבעריקנס, דאָס זיינען די ערשטע טעג אייערע אין וואַרשע. איר וועט זיך באַרואיקן...

פרוי זילבער האָט זיך נאָכן עסן אויסגעצויגן אויף דער אָטאָמאַנע

און אים געהייסן צורוקן פאַר זיך דעם פאַטעל נעבן איר צוקאָפּנס. ביידע האָבן כסדר גערויכערט, כמעט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן און מ'האָט געשמועסט. זי האָט אים צווישן אַנדערן דערציילט געוויסע קאָמישע עפּיזאָדן פון איר לעבן אויף דער „אַרישער זייט" : ווי אַזוי, אַ שטייגער, איר „גאָספּאָדיני" האָט זי איינמאָל מיטגענומען אין קלויסטער און צוגעפירט צום גלח, צום „ספּאָוויעדז". זי איז דאַן שיער נישט דורכגעפאַלן, ווייל דער גלח האָט אַפּנים דערקענט לויט איר פאַרהאַלטן זיך, אַז דאָס איז נישט קיין קריסטין... זי האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן, דורכגעשפּאַרט זיך דורכן קריסטלעכן עולם און געבליבן שטיין אַ קניענדיקע ערגעץ נאָנט פון אַריינגאַנג.

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווען האָט איר דאָס לעצטע מאָל געזען דאָרען ?... — איז אים פּלוצלונג אין מיטן דערינען איינגעפאַלן צו פרעגן וועגן זיין פרוי.

— דאָס לעצטע מאָל האָב איך זי געזען אין געטאָ אין, די ערשטע טעג סעפּטעמבער, טאַקע פאַר דער „אַקציע". כ'האָב זי דאַמאָלס צוגערעדט מיר זאָלן צוזאַמען אַרויסגיין אויף דער „אַרישער זייט". זי האָט עס אָבער נאָך נישט געקאָנט טאָן, ווייל זי האָט געדאַרפט האָבן אַ ביסל צייט צו פאַרוואַנדלען געוויסע חפצים אין געלט. נו, האָט זי זיך דערוואַרט... ווען איך בלייב אויף איר וואַרטן אין געטאָ נאָך עטלעכע טעג, וואָלט איך אויך געטיילט דעם זעלבן גורל...

— ווי האָט זיך איר געלעבט אין געטאָ ?

— נישט צום ערגסטן. זי האָט זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. צום גליק האָט זי געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. קיין הונגער האָט זי נישט געליטן.

— און דאָס קינד ?

— דאָס קינד האָט זיך פיין אַנטוויקלט. עס איז געווען שיין ווי גאָלד. עס האָט כסדר געהאַלטן אין ריידן וועגן פּאַפּאַ... „ווען קומט שוין דער פּאַפּאַ ?"... דאָרע האָט אים געטרייסט, אַז דער פּאַפּאַ וועט זיכער אין גיכן קומען...

— דאָרע האָט מיך אין 1940 טאַקע אַלאַרמירט מיט בריוו, איך זאָל צוריקקומען: אַז מ'וועט צוזאַמען, ווי עס איז איבערקומען די שלעכטע צייט — דערציילט וויים.

— יאָ, איך ווייס, אַז זי האָט אייך אַזוי געשריבן נאָך פ אַ ר ן איינפירן די געטאָ. מיר זיינען נאָך דאַן אַלע געווען נאַאיוו. מיר האָבן אַלץ געגלויבט, אַז דער טייוול איז נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט

אים... שפּעטער, בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע צרות, איז זי שוין צופרידן געווען, וואָס איר זייט נישט געקומען.

— האָט זי געוווּסט, אַז איך בין געווען פאַרשיקט אין אַ לאַגער ?

— יאָ, זי האָט זיך דערוווּסט. אייערע קרובים פון דער סאָוויעטישער זייט אין די אָקופּירטע מערב־געביטן האָבן איר געשריבן וועגן דעם אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם. דאָרע איז געווען ממש פאַרצווייפלט, ווייל זי האָט נישט געגלויבט, אַז איר וועט עס קאָנען אויסהאַלטן.

— אינטערעסאַנט : וואָס האָט זי גערעדט, בעת איר האָט זי געזען דאָס לעצטע מאָל ?

— זי איז געווען זייער רעזיגנירט... פּונקט ווי איך און פּונקט ווי אַלע יידן אין געטאָ. אין דער לופט האָט מען שוין אַרויסגעשפּירט, אַז עס גרייט זיך אַ גרויס אומגליק... יאָ, אויך דאָן, אין דער שווערער דעפּרעסיע, האָט זי אייך דערמאָנט. זי האָט גערעדט וועגן אייך מיט טרערן אין די אויגן. דאָרע האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט זייער וועלן, איר כאָטש, איין איינציקער מענטש פון דער משפּחה, זאָלט בלייבן לעבן — — —

וויים האָט שטום אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אונטער אַ שווערער דריקנדיקער משא. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען זיין דאָרע אין שוואַרצן געהילט און מיט פאַרבראָכענע הענט... אַזאַ האָט ער זי אַמאָל געזען אין טרויער נאָכן טויט פון איר מוטער... ביי איר זייט זעט ער דאָס קינד, זיין איינציק קינד, זיין ליאָנטשיקל, מיט אַ וויינענדיק פּנימל, צוגעטוליעט צו דער מאַמעס שוואַרץ קלייד...

— זעט איר, — כאַפּט זיך פרוי זילבער, — כ'בין גערעכט געווען. מ'דאַרף נישט און מען טאָר נישט צו־פיל ריידן וועגן דעם, וואָס געווען... צו וואָס אָנרירן די ווונדן ?... שטענדיק באַרירט איר די טעמע... אפשר וועלן מיר אַראָפּגיין אַ ביסל זיך אַדורכשפּאַצירן ?

— גוט.

וויים האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען בלאַסער ווי געוויינלעך. אויך אים האָט זיך אין דער רגע געגלוסט צו ענדערן דאָס אָרט.

פאַרן אַראָפּגיין איז דאָרע אַרויס מיט אַזאַ פּלאַן :

— איר ווייסט, וואָס איך טראַכט ? איך מיין, אַז איר דאַרפט זיך נישט וואַלגערן אין רעפּאַטריאַנטן־הויז. איר קאָנט דערווייל נעכטיקן דאָ אין צווייטן צימער. סיי־ווי־סיי פוסטעוועט עס. אדרבה, ס'וועט מיר זיין פרייליכער : נאָך אַ לעבעדיקער מענטש אין דער וווינונג...

— דאָרטן, אין רעפּאַטריאַנטן־הויז, האָב איך דעם איינדרוק, איז גאַנץ זויבער, נאָר אַ ביסל פאַרשטייט זיך, טומלדיק.

— ווייס איך וואָס ! וואָס טויג אייך דער קהלשער יאַריד ?... אַט זעט !

און זי האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון צווייטן צימער, דאָרט ליב־טיק געמאַכט און אים אַריינגעבעטן אַ קוק טאָן. ווייס האָט געוואָרפן זיינע בליקן אין אַלע זייטן. דאָס צימער האָט אים זייער אימפּאָנירט. אויך דאָ זעט ער אַ פיינע קושעטקע. ווי באַקוועם וועט דאָ זיין צו ליגן. היינט דאָס פענסטער מיטן באַלקאָן צו דער גאַס !

— דאָ איז די זוניקע זייט ? — פרעגט ער.

— וואָס רעדט איר ! באַלד אין דער פרי איז דאָס צימער פאַר־גאָסן מיט זון. אַז איך האָב צייט, ברען איך מיך אויף דער זון ווי אויף אַ פּליאַזשע.

און ווייסן איז שווער געווען נישט מסכים צו זיין אויף פרוי זיל־בערס פאָרשלאָג.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס. די באַוועגונג איז אוונט איז אַ שוואַכע. די באַלויכטונג אַ קאַרגע. נישטאָ אַמאָליקע נעאָנען. זיי זיינען אַריין אין אַ קאַפּיי. אויף אַ פּאָדיום האָט געשפּילט אַ קליינער פידל־אָרקעסטער. דאָ ביים קאַפּיי־טישל, אונטער די קלאַנגען פון מוזיק, איז ווייס געוואָרן הייטערער און באַריידעוודיקער. ער האָט דערציילט וועגן רוסלאַנד, וועגן זיין לעבן אויפן ווייטן צפון — „דאָרט, וווּ די ווייסע בערן"... וועגן דער צייט, וואָס נאָך דער אַמנעסטיע („די שיקאָרסקי־אַמ־נעסטיע" — ווי די פּוילישע פּליטים פלעגן זי אָנרופן...); וועגן טראַגי־קאָמישע פּאַסירונגען אויף זיינע וואַנדערונגען איבער די אומענדלעכע רוסישע שטחים — אין מיטל־אַזיע און אוראַל. פרוי זילבער האָט אויס־געהערט מיט אַ שמייכל און לסוף זיך אָפּגערופן :

— דאָס אַלץ איז אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט אונזע־רע איבערלעבענישן אויף דער זייט...

— איר זייט גערעכט. איך גיי נישט „קאָנקורירן" מיט די יידן פון די געטאָס און טויט־לאַגערן...

די קאַפּיי איז פרי שיטער געוואָרן פון מענטשן. פאַר צוועלף זיינען זיי שוין צוריקגעגאַנגען אַהיים דורך פוסטע, אין טונקלקייט איינגעהיל־טע גאַסן. נישט אַזוי, טראַכט ווייס, האָבן פאַרן קריג אויסגעזען די וואַר־שעווער גאַסן ביינאַכט.

פרוי זילבער האָט, אַריינקומענדיק אין דער וווינונג, באַלד געמאַכט אין צווייטן צימער אַ געלעגער פאַר ווייסן. ווייס האָט זיך אויסגעצויגן אין רחבות, מיט אַזאַ מילד, גוט געפיל. ס'איז אים אַזש אַ שאָד געווען אַנטשלאָפן צו ווערן. ער איז געלעגן און געחשבונט ווי לאַנג ער איז שוין

נישט געשלאָפֿן ביחידות, איינער אַליין אין אַ חדר, נישט אין „אַבשטשע־זשיציעס“ 26), אויף אַזאַ באַקוועמע, פֿרישע, ווייסע געלעגער.

## ח.

וויים האָט פֿאַר דער מלחמה געהערט צו אַ פּראָלעטאַרישער פּאַר־טיי. מיטן אָנקומען פֿון דער שארית־הפּליטה קיין וואַרשע האָט יענע פּאַרטיי באַנייט איר טעטיקייט. ס'האָבן זיך געבילדעט די ערשטע אינ־סטאַנצן, מ'האָט זיך פֿאַרשאַפֿט אַ לאָקאַל, געעפֿנט אַ קלוב, גענומען רע־גיסטרירן ניי־אָנגעקומענע מיטגלידער און ס'האָט זיך גענומען פֿילן אַ געוויס געזעלשאַפֿטלעך לעבן. אמת, אַ לעבן אין מיניאַטור... די הויפּט־אַרבעט איז געווען סאָציאַלע פֿאַרזאָרגונג, הילף: עס זיינען צוריק גע־קומען פֿון די דייטשישע לאַגערן און פֿון רוסלאַנד אָרעמע מענטשן, נאַ־קעט און בלויז, אָן שום מיטלען, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אימלעבער האָט זיך גענויטיקט אין הילף.

וויים, געוויר ווערנדיק וועגן דער באַנייטער טעטיקייט פֿון זיין פּאַר־טיי, איז באַלד אַרויפֿגעקומען אין לאָקאַל. ער האָט שוין דאָרט אַפֿילו געטראָפֿן אַ פּאָר באַקאַנטע חברים פֿון פֿאַר דער מלחמה. מ'האָט וויים תיכף אַריינגעצויגן אין אַקטיווער אַרבעט, צוקאָאָפּטירט אים אין קאָמי־טעט אַריין און געמאַכט אים אַפֿילו פֿאַר אַ געצאָלטן פֿונקציאָנאַר. וויים האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט ווי אַ זיך טרינקנדיקער אָן אַ רעטונגס־ברעט: אין דער אַקטיווער אַרבעט וועט ער אפשר קאָנען פֿאַרגעסן אָן זיין גרויסן עלנט... אין דער אָרגאַניזאַציע איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ קיד, וואָס פֿלעגט אַרויסגעבן מיטאָגן פֿאַר חברים צו גאַנץ ביליקע פּרייזן — אַזוי אַז וויים איז געווען פֿאַרבונדן מיטן לאָקאַל אַ גאַנצן טאָג. און נישט נאָר בייטאָג — אויך אין אָוונט פֿלעגט ער אָפֿט זיין פֿאַרנומען אויף זיצונגען און פֿאַרזאַמלונגען.

אַז וויים האָט אָנגעזאָגט דער פֿרוי זילבער די בשורה, אַז ער איז שוין „איינגעאָרדנט“, האָט ער קיין גרויסע באַגייסטערונג ביי איר נישט באַמערקט.

— וואָס איז די איילעניש? — האָט זי געפֿרעגט, — איר זייט דען אויף דער גאַס? איר וואָלט נאָך געמעגט אַ ביסל רוען נאָך די אַלע גרויזאַמע יאָרן...

— אָבער ווי לאַנג קאָן מען זיין אויף קעסט?... אַפֿילו ביי אַן איי־גענער שוועסטער וואָלט עס מיר שווער געווען...

---

26) קאָלעקטיווע באַראַקן־וווינונגען.

— גלויבט מיר, ס'איז פאר מיר א פרייד ווען נאך א מענטש זיצט ביים טיש און עסט מיט מיר צוזאמען... עס פעלט מיר נישט, גאט צו דאנקען...

— אבער דאך... מיין זעלבסטגעפיל...

— עס דארף אייך גארנישט ארן, פונקט ווי איר וואלט געווען ביי זיך אין דער היים...

וויים האט זיך ווי פארענטפערט, שטאמלענדיק:

— יא, פרוי זילבער... אבער... פארשטייט מיך... כ'מוז זיין מיט עפעס פארנומען. עס פייניקן רק די געדאנקען...

אז וויים האט אויפגעהערט קומען צו מיטאג, האט פרוי זילבער ארויסגעוויזן א בולטע אומצופרידנקייט.

— א, ניין, הער וויים, כ'בין דערויף נישט מסכים, — האט זי גע־זאגט אין א האלב־שפאסיקן טאן, — איך פראטעסטיר... די מיטאגן ביי אייך דארט שמעקן אייך דען בעסער ?...

— דאס געווים נישט... איך דאנק אייך פאר אייער „פראטעסטירן"... אבער גלויבט מיר, אז מיין אמט פאדערט פון מיר, אז אויך מיטאג־צייט זאל איך זיין אין לאקאל.

און ער האט אויסגעפירט דאס זייניקע. ס'איז נאר געבליבן, אז זונטיק, ווי אלע יום־טוב־טעג, ווען פרוי זילבער בלייבט אין דער היים, זאל ער עסן אין שטוב. זי האט א חוץ דעם „אויסגעקעמפט", אז נאך דער ארבעט זאל ער אויך צוזאמען מיט איר עסן אוונט־ברויט. וויים האט געמאכט א „באווארעניש", אז נאר דאמאלס, בעת ער וועט זיין פריי, ווייל ער האט געוווסט, אז כמעט אלע אוונט איז ער פארנומען אין דער פארטיי...

בים־לעבווייז, אין משך פון וואכן, איז פאר וויים אין גאנצן קלאר געווארן פרוי זילבערס באציאונג, איר צו־גוטע באציאונג צו אים... אמת, ער האט זיך באלד אין דער ערשטער צייט א ביסל אנגעשטויסן; אבער מ'האט נאך געקאנט מאכן פארשיידענע השערות. לעצטנס איז עס שוין מער פאר אים נישט קיין רעטעניש.

איין אוונט — ס'איז געווען א שבת־צו־נאכט — זיינען זיי זיך פארזעסן לענגער ווי תמיד. פרוי זילבער איז געלעגן אויף דער אטאמאַ־נע ביי דער סאמע וואנט און ער איז געזעסן היימיש דערנעבן. זי איז געווען דאס מאל אין א באזונדערס גוטער שטימונג. זי האט היינט פאר־נאכט געפטרט א פאר שעה צייט ביים פריזירער, וואס האט איר אין ארדענונג געבראכט די פריזור און אגב קארעגירט אויף א דעליקאטן אופן איר געזיכט, די דינע קנייטשלעך ביי די אויגן־ווינקלען. אנגעטאן

איז זי געווען אין א זומערדיק־העל זשאַרזשעטן קליידל, וואָס האָט בולט אונטערגעשטראָכן די ליניעס פון אירע גלידער. פרוי זילבער איז געווען א ביסל עקזאַלטירט און גערעדט האָט זי מיט איר געוויינלעכער עלאַק־ווענץ וועגן די קאָנטראַסטן פון אונזער לעבן: וועגן טוגנט און רשעות; וועגן רציחה, אומבּרחמנותדיקער אויסראָטונג פון א פאָלק און תחית המתים פון א ניי לעבן; וועגן די אייביקע שיינקייטן פון דער נאַטור און וועגן אומפאַרמיידלעכן טויט.

— א שאָד יעדן טאָג, וואָס דער מענטש לאָזט אדורך, — זאָגט זי, — א שאָד די שיינקייטן, א שאָד די פרייד!

כאָטש פרוי זילבערס „פילאָזאָפיע" איז פאַר וויסן נישט קיין אַנט־דעקונג — אייביקע אַקסיאָמעס, באַנאַלע אמתן זינט ששת ימי בראשית! — פונדעסטוועגן איז זי אים אין דעם מאָמענט געפעלן געוואָרן. עס האָט אים אימפּאָנירט איר אמתדיקע איבערלעבונג און אירע צעפינקלטע אויגן. זי איז אין דעם מאָמענט געווען אויך א ביסל פ ר ו י א י ש

— הגם ער האָט אין איר קיינמאָל נאָך נישט געזען די פ ר ו י...

— איר פאַרשטייט גוט דאָס לעבן, סאָניע! — האָט ער ארויסגע־רעדט, אָנרופנדיק זי היימיש ביים נאָמען. דערביי האָט ער זי נאָך אָנ־גענומען אינסטינקטיוו ביי דער האַנט, ווי וועלנדיק דערמיט אונטער־שטרייכן זיין אָנערקענונג פאַר איר. זי האָט דאַן אָנגעכאַפּט זיין האַנט מיט אירע ביידע הענט און געדריקט מיט א פיבער, גלייך ווי זי וואָלט שוין לאַנג, לאַנג געוואַרט אויף דער דאָזיקער רגע... זי האָט זיך א רוק געטאָן דערביי א ביסל נענטער צו אים און ער, וויס, האָט זיך זיצנ־דיקערהייט עטוואָס אָנגעלענט אָן איר ליגנדיקן קערפּער. אומבאַוווס־טערהייט, ווי דיקטירט דורך א בלינד געפיל, האָט ער א קוש געטאָן אירע פינגער. ער האָט זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פאַרוואָס ער טוט עס אזוי. ער האָט עס גיכער געטאָן איר צוליב... ער האָט גע־שפּירט מיט זיינע ליפּן ווי אירע פינגער האָבן אזוי געגאַרט נאָך א קוש, נאָך א צערטל. אזוי לאַנג געגאַרט...

אין איר האָט זיך אויפגעוועקט אַן אומנאַטירלעכע דרייסטקייט, א דרייסטקייט ווי ביי א מאַן. אזוי געשעט עס אָפט מיט פרויען, בעת זיי דערפילן, אַז ער, דער פאַרטנער, איז אומדרייסט, וואַקלדיק און פון שוואַכן ווילן. זי האָט אים ארומגעכאַפּט מיט ביידע הענט ארום האַלז און צוגעדריקט זיין קאָפּ צו איר ברוסט, פיבערדיק געדריקט. מיט אזוי פיל אויסגעהונגערטקייט, מיט אזוי פיל בענקעניש. וויס איז געווען ווי צע־טומלט. די געדאַנקען זיינע זיינען אים פאַרנעפּלט געוואָרן. ער האָט זיך נאָכ־געגעבן מיט פאַרמאַכטע אויגן — — —

דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט.

אין דער טונקלקייט פון זיינע פאַרמאַכטע אויגן איז פּלוצלונג אויס־געוואַקסן דאָרעס געשטאַלט — אין שוואַרצער טראַכט און מיט פאַר־בראָכענע הענט — — —

ער האָט זיך ראַש אַ ריס אָפּ געטאָן פון פרוי זילבער און איז אויפ־געשפּרונגען ווי פון שרעק. זיין פּנים איז געווען בלייך און אויסגע־קרימט.

— וואָס איז געשען ? וואָס איז מיט אייך ? — האָט פרוי זיל־בער נישט פאַרשטאַנען.

— גאָרנישט... גאָרנישט... שוין פאַרביי...

— אָבער זאָגט, כ׳בעט אייך, זעצט זיך.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן פאָטעל דערנעבן.

— זאָגט, איך בעט אייך. איז אייך עפּעס, חלילה ?

— גאָרנישט... איר פאַרשטייט... ס׳איז אוממעגלעך, איך זאָל אייך זען און הערן — און נישט זען דערביי דאָרען... אַ קאָשמאַר !...

פרוי זילבער האָט געשוויגן. פאַרטיפט געשוויגן. איר גאַנצע שטי־מונג האָט זיך געענדערט. אויף איר געזיכט האָט זיך ווי אַ וואָלקן פאַר־צויגן. אויך ווייס האָט זיך אַ היפּשע ווײַלע נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. ס׳האָט זיך דעם אָוונט מער ביי זיי קיין שמועס נישט געקלעפּט, און לסוף איז ווייס אַוועק אין זיין צימער, זאָגנדיק אַ נישט־דרייסטן „גוטע נאַכט".

## ט.

ווייס און פרוי זילבער האָבן ווייטער פון צייט צו צייט פאַרבראַכט ביים עס־טיש, צי אויף שפּאַצירן, אָבער די דיסטאַנץ צווישן זיי איז אַלץ מער געוואַקסן. ווייס האָט זיך אַליין געמאַכט פאַרוואָרפן דערפאַר, וואָס ער איז געווען אין יענעם פאַטאַלן אָוונט אַזוי צוגעלאָזט צו פרוי זילבער. פאַר אים איז יענער אָוונט בפירוש געווען אַ פאַטאַלער ! מיט פרוי זילבער האָט ער אַזוי נישט געטאָרט האַנדלען. ער פילט דאָך פּאָק־טיש צו איר גאָרנישט. ער טאָר זי נישט אַריינפירן אין אַ טעות ! פאַר־וואָס איז ער עס דאָן אַריינגעפאַלן אין אַ שוואַכקייט ? ער קאָן זיך עס ממש נישט שענקען.

אין זיינע ווייטערדיקע שמועסן מיט פרוי זילבער פלעגט ווייס אָפטער ווי פריער דערמאָנען זיין דאָרען, פלעגט אויספרעגן פאַרשיידענע פּרטים וועגן איר לעבן אין געטאָ, צי זי פלעגט זיך טרעפן מיט מענטשן ? וווּ און מיט וועמען ? צי דאָס קינד האָט זיך די ערשטע צייט געלערנט

ביי א פריוואטן לערער? וואס זי פלעגט אלץ ריידן וועגן וויסן? ווי אפט פלעגט זי אים דערמאנען?

פון פרוי זילבערס ווערטער האט ער געהאט א קלארע פארשטעלונג, אז זיין דארע האט א סך וועגן אים געקלערט און איבערגעקלערט; אז זי איז אים געווען טריי ביזן סוף...

— איינמאל פארן טראגישן סעפטעמבער — דערציילט אים פרוי זילבער — בין איך שעהן־לאנג געזעסן ביי דארען און מיר האבן זיך אראפגערעדט פון הארצן. בעתן שמועס האט זיך דארע אויסגעדריקט, אז ווען זי בלייבט, חלילה, אליין מיטן קינד, וואלט זי קיינמאל נישט חתונה געהאט. זי וואלט נאר געלעבט פארן קינד. אבער טאמער פארקערט, ס׳הייסט, טאמער בלייבט איר איינער אליין, איז וויים זי זיכער, אז איר וועט חתונה האבן מיט אן אנדערער. דערביי האט זי אייך אין פארויס נעגעבן גערעכט. זי האט אפילו געהאלטן, אז איר מ ו ז ט עס טאן!

— איך מוז?...

— יא, יא, אזוי האט זי בפירוש געזאגט. איר מוזט! ווייל זי האט געהאלטן, אז איר זייט א שוואכער מענטש. און אן עלנטער, אן א נאנטן מענטש, אן א פרוי, וועט איר פארלוירן גיין. דאס זיינען טאקע אירע ווערטער געווען. איך געדענק זיי נאך ווי היינט. אזוי טריי איז זי אייך געווען.

כאטש וויים האט דאך שוין גוט געקענט פרוי זילבערס כוונות לגבי אים, פונדעסטוועגן האט ער איצט ארויסגעפילט פון איר טאן, אז זי רעדט עס אלץ אויפריכטיק; אז זי איז נישט מגזם, אזוי איז עס טאקע געווען. ער גלויבט איר. אבער אין דאזיקן ווארעמען טאן האט ער נישט געהערט פרוי זילבערס שטים, נאר — זיין דארעס... ער האט אפילו פארנומען דארעס וויבראציע, איר טעמבר. ער האט מער זיך צוגעהערט מיט דער מחשבה, מיטן דמיון, איידער מיטן געהער, און דאס וואס ער האט פארנומען ד א ר ע ס שטים האט אים נאך מער געמאכט אומבאגלעך צוצוגיין צו סאניע זילבער ווי צו א פרוי...

איינמאל, בעת אזא שמועס, איז פרוי זילבער געווארן אויך באריי־דעווודיק וואס שייך א י ר מאן.

— איר ווייסט דאך, מיין יאקאב האט מיך שטארק ליב געהאט. ער מיך מער ווי איך אים... נאר פונדעסטוועגן, אז ס׳פלעגט אויסקומען צו רייד וועגן די פארשיידענע טרויעריקע עווענטואליטעטן, פלעגט ער זאגן גאנץ אפן (טאקע אזוי ווי דארע), אז אין פאל אויב ער וועט אומ־קומען און איך וועל בלייבן לעבן, דארף איך נישט בלייבן אליין, ווי א

גזירה, אויף דער וועלט... איר פארשטייט, ער, אזוי גוט ווי דארע, איז צוגעגאנגען מענטשלעך צו דער זאך.

ווייס פארשטייט גוט פרוי זילבערס אויסטייטשונגען... ער ווייס וואו־הין זי צילט... דאס אלץ, וואס די ב יי ד ע פארשטארבענע האבן גע־רעדט ביים סוף פון זייער לעבן, איז טאקע זייער לאגיש און פארשטענד־לעך, דאך האט אים פרוי זילבער דערמיט נישט געוואונען. זי האט אים נישט דערנענטערט צו זיך, נאר מער דערווייטערט. אדרבה, איצט פלעגן זיך כסדר ווייזן ב יי ד ע שאטנס פאר זיינע אויגן: דארע און יא־קאב... דארע אין איר טרויער־טראכט און יאקאב א שמייכלדיקער. אזא איז ער געבליבן אין זיין זכרון, מחמת זיין שטענדיקער גוטמוטיקייט און מונטערקייט. אבער יאקאבס שמייכל איז געווען פאר אים נישט ווייניקער התראהדיק ווי זיין דארעס פארבראכענע הענט. דער שמייכל האט ווי צו אים גערעדט פארחידושט און מיט שפאט: „וואס ? ! גראד דו וועסט חתונה האבן מיט מיין סאניען ? !" — — —

צ וו יי שאטנס זיינען שוין אויסגעוואקסן צווישן אים און פרוי זילבער. אין אירע רייד האט ער איצט צ וו יי שטימען פארנומען. צוויי שטימען — אבער נישט סאניעס שטים...

ווייס גיט זיך אויך אפ א חשבון, אז אפשר, ווער ווייס, ווען ער וואלט געווען פארליבט אין פרוי זילבער, וואלט ער אנדערש אויף דעם אלעמען רעאגירט. דאס שטארקערע געפיל פון ליבע וואלט פארשלונ־גען אלע זיינע חושים. אדרבה, ער וואלט גערן פטור געווארן פון זיין עלנט לעבן, און דאס וואלט טאקע אויך געווען אין הסכם מיט דער „מיי־נונג", אדער „ווונטש", פון זיין דארען און פון יאקאבן... אבער בלויז דער סענטימענט, וואס ער האט צו פרוי זילבער מחמת אלטער פריינטשאפט און מחמת איר איצטיקער גרויסמוטיקייט און ברייטהארציקייט צו אים — דאס איז ווייניק אויף צו קאנען פארשטעלן פאר אים די שאטנס פון קבר...

ו.

איינמאל אין א פרימארגן האט ווייס געהאט אן אומגעריכטע פרייד: בעת ער איז, ווי געוויינלעך, געקומען צו דער ארבעט אין לאקאל, האט אויף אים שוין עמיצער געווארט — א פרוי. א יונגע פרוי.

— חבר ישראל ! — איז זי אים אנטקעגן געקומען מיט א שמייכל.

— חברטע סארע !

אן איבערראשטער, איז ער צוגעפאלן צו איר זיך קושן.

סארע איז געווען זיינע אן אלטע, גוטע באקאנטע פון פאר דער

מלחמה, אויך א חברטע פון דער אמאליקער ווארשעווער ארגאניזאציע. דערצו אויך א פאד־קאלעגין — א לערערין.

— רעדט, סארע, דערציילט. כ'ברען פון נייגעריקייט. פון וואנען?

— איצט קום איך פון נידערשלעזיע. איך ארבעט דארט אין א שול.

— און פריער? פריער?

— פריער? געטא... לאגער... נאט זעט!

און זי האט דערביי פארשארצט דעם ארבל און אים א ווייז געטאן אן אויסגעטאטואירטן נומער אויף דער האנט:

— אשוויענטשים!...

— ס'ארא נס! איר זייט א גייענדיקער נס! — האט ווייס אויסגערופן. און אין א ווײַלע ארום פרעגט ער:

— איר זייט אליין?...

— אליין, ווי אלע... מיין גאנצע משפחה איז אומגעקומען...

— כ'האב געמיינט, אז פאר דער צייט האט איר חתונה געהאט...

— ווען? אין אשוויענטשים?...

— געמיינט פ א ר אשוויענטשים... אין געטא זיינען דאך יא פארגעקומען חתונות.

— איך האב דערצו אין געטא קיין שטימונג נישט געהאט... איבעריקנס, נאך מיין „דערפארונג" מיט מיין געגטן מאן — איר געדענקט דאך מסתמא? — האב איך געמעגט ווארטן...

— נישקשה, חברטע סארע, איר זייט נאך גענוג יונג.

— אויב פינף און דרייסיק הייסן נאך יונג...

— פינף און דרייסיק? ! איר זעט אויס א סך יינגער.

— קאן זיין. פרויען קאנען מאסקירן זייער עלטער: א ביסעלע קרעם, שמינקע... א ביסעלע פודער...

— איר זייט צופיל אפנהארציק...

— אזא בין איך דאך פון שטענדיק. איר האט מיך שוין פארגעסן?

— זיכער נישט, חברטע סארע!

ווייס האט שוין דעם גאנצן פארמיטאג כמעט גארנישט געטאן אין ביורא. ער איז געווען צו אויפגערעגט פונם סיורפריז. ער האט כסדר געשמועסט מיט סארען, זי אויסגעפרעגט אלע פרטים וועגן איר גופא, וועגן אנדערע חברים, וועלכע זיינען שוין נישטא... זי האט אים אלץ בקיצור דערציילט און ער האט געשלונגען איר יעדעס ווארט, גלייך ווי ער וואלט דערזען א מענטשן פון יענער וועלט.

— כ'האב אפילו נישט געהאט ביי וועמען צו פרעגן אויף אייך, —

דערציילט איר וויים, — כ׳בין געווען זיכער, אז איר זייט נישטא צווישן די לעבעדיקע...

— און איך האב זיך ערשט לעצטנס דערוווסט וועגן אייך. ס׳איז געקומען צו אונז א חבר פון ווארשע — בראפמאן — האט ער מיר דערציילט, אז איר זייט דא.

— זייט איר כאטש געקומען אויף לאנג ?

— ניין, אויף איין טאג.

— פארוואס אזוי קורץ ?

— מ׳קאן דאך נישט. כ׳האב דא וואס צו דערליידיקן. דעם אמת זאגנדיק, האט געקאנט פארן עמיצער אנדערש, אבער כ׳בין זיך מודה, כ׳בין געפארן צוליב אייך... געוואלט אייך זען...

סארעס אפנהארציקייט האט וויסן גערירט.

— זייער גוט האט איר געטאן ! — האט ער אויסגערופן עקזאלטירט און זי געדריקט ביידע הענט, — זייער גוט, באמת ! כ׳בין אייך זייער דאנקבאר. געמיינט אין רוסלאנד, אז כ׳וועל שוין קיינעם נישט טרעפן, קיינעם נישט; אז איך קום אויף א בית עולם... גוט, סארע, זייער גוט האט איר געטאן.

ער האט זי דורכדרינגענדיק באקוקט, ווי ביים טרעפן א מענטשן, וואס מ׳האט געמיינט, אז ער איז שוין טויט.

— די זעלביקע סארע, כ׳לעבן ! דער זעלבער שמייכל, די זעלבע חן־גריבעלעך אויף די באקן...

— ווייט נישט די זעלבע... — האט זי אומעטיק געשמייכלט. — צו שווערע צייטן זיינען איבער מיר אריבער...

— נישט געדאגהט. ס׳וועט נאך גוט זיין...

ער האט גאר נישט געקאנט אפרייסן פון איר זיינע בליקן. ער זעט, אז זי האט זיך א ביסל יא געענדערט. עפעס א מאטקייט ליגט אויף איר געזיכט. זי איז אויך מאגערער געווארן. אויף איר שווארצן קאפ איז דורכגעצויגן א שמאלער פאס גרויקייט.

— ס׳ארא מערקווירדיקער ווייסער פאס אויף אייער קאפ !

— א קאפריז אזא... א ווייסער קאפריז פונם גורל...

— אבער איר ווייסט, ס׳געפעלט מיר דער קאפריז. בלויז א צייכן, א מעמענטא...

סארע האט זיך געכאפט, אז זי דארף שוין גיין דערליידיקן אירע ענינים אין פארשיידענע אמטן. זי האט זיך מיט אים דערוויל געזעגנט, אפריידנדיק ווידער זיך צו טרעפן אין אוונט, טאקע דא אין לאקאל.

סארע איז וויסן דעם גאנצן טאג פון זינען נישט ארוים. זי איז

פֿאַר אים דערשינען אומגעריכט, ווי אַ זעאונג, און איר דערשיינען האָט ווי אויפֿגערווישט דאָס פֿאַרשלאָפֿענע געמיט. עס קומט אים נישט ווילנדיק אַ פֿאַרגלייך: פֿרוי זילבער און — זי, סאַרע. פֿאַר דער ערשטער האָט ער נאָר אַ גוט געפֿיל, אַ געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט, פֿון פֿריינטשאַפֿט; פֿאַר דער צווייטער אָבער, פֿאַר סאַרען, האָט ער האַרץ, נשמה. סאַרע איז זייער ווייבלעך, יידישלעך־באַחנט און וועקט אַן אינערלעכן צאַפּל...

ווײַס איז ביז פֿאַרנאַכט געווען אומגעדולדיק. ער האָט פּשוט גע־בענקט נאָך סאַרען.

אַז זי איז אין אָוונט צוריקגעקומען, האָט ווײַס פֿאַרגעלייגט זיי זאָלן אַראָפּגיין. ער האָט נישט געוואָלט זיין מיט איר אין געזעמל פֿון באַ־קאַנטע. זיי זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך איבער די רואיקערע, אָוונטיקע גאַסן און געצויגן ווייטער דעם המשך פֿון זייער שמועס.

— איר ווייסט — זאָגט סאַרע, — מיר וועלן נישט באַווייזן אַלצדינג צו דערציילן איינער דעם אַנדערן. אַזוי פֿיל דאָך איבערגעלעבט.

— אפֿשר פֿאַרלענגערט איר דאָס זיין אויף עטלעכע טעג?

— אַ, ניין, מיינע קינדערלעך וואַרטן...

— פֿון וויפֿיל קינדערלעך זייט איר אַ „מאַמע“?...

— אין מיין קלאַס זיינען פֿאַראַן עטלעכע און צוואַנציק.

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט זי צו:

— איר וואָלט געמעגט קומען אַ קוק טאָן נידערשלעזיע. די נאַטור איז דאָרט אַזאַ הערלעכע.

— מ׳דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, טאָקע כּדאַי.

פּלוצלונג בלייבט ווײַס שטיין.

— וואוהין גייען מיר איינגנטלעך? כ׳וואָלט אייך פֿאַרבעטן אפֿשר צו מיר; אָבער... כ׳האָב נישט ליב צו זיין אין אָוונט אין שטוב... מיר וועלן בעסער אַריינגיין אין אַ קאַפֿיי און הערן אַ ביסל מוזיק.

— מיט פֿאַרגעניגן! — איז סאַרע מסכּים.

— אָט דאָ איז אַ גאַנץ פֿיינע קאַפֿיי. זי דערמאָנט אַ ביסל אַ פֿאַר־מלחמהדיקע קנייפּע.

ווײַס איז אַריין מיט סאַרען טאָקע אין דער זעלבער קאַפֿיי, וווהין ער קומט אַריין אַמאָל מיט פֿרוי זילבער. ביי זייער טישל איז געוואָרן גאַנץ געמיטלעך. די קאַווע מיט קרעם האָט פֿאַרשמעקט און דער קעז־קוכן איז געווען באַטעמט. ס׳איז געווען אַ היפּשער עולם באַזוכער און אַ געדיכט גערייד איז געהאַנגען אין דער לופֿטן. די מוזיק האָט מיט הפסקות איבערגעריסן די גרילצנדיקע שטימען. איינם דאַזיקן גערויש האָבן

זיך ווייס און סארע געפילט ווי אפגעזונדערט און ווייט פון אלעמען, פונם גאנצן ארום.

— איר ווייסט, — רעדט סארע, — איך ווייס נישט ווי איר, נאר איך פיל מיך זייער נישט פריי אין דער דאזיקער נישט־יידישער געזעלשאפט. עס דוכט זיך מיר, אז יעדער בליק, וואס פאלט אויף מיר, איז א שפיז... איר ווייסט, ס׳איז מיר ארגאניש אוממעגלעך צו פארבלייבן אויף דער דאזיקער ערד. יוזיפיל פאליאקן האבן פאראומרייניקט זייער געוויסן מיט יידיש בלוט... דער עיקר איז מיר געווארן אומדערטרעגלעך איצט, נאך מעשה־קיעלץ...

— איר זייט זייער גערעכט, — האלט אונטער ווייס, — נאך אזא מבול פון יידיש בלוט זאל קאנען מעגלעך זיין אזא „ספעקטאקל״ !

— ווי זשע קאן מען לעבן בשכנות מיט אזעלכע מיטבירגער ? איך טראכט טאקע ערנסט צו טאן דאס זעלבע, וואס אנדערע טויזנטער יידן. איך ווין דאך אין א גרעניץ־שטאט, זע איך צו אלע טאג די דאזיקע וואנדערונג. מען פארט מיט לאסט־מאשינעס, מ׳גייט צופוס, מ׳פארט מיט פעקלעך, צי מ׳גייט מיט ליידיקע הענט — אבי אויף יענער זייט גרעניץ ! נו, און איר, חבר ישראל ? וואס רעכנט איר צו טאן ? צי ברענט נאך נישט די ערד אונטער אייערע טריט ?...

— סוף־כל־סוף וועל איך זיך אויך דערצו דערטראכטן : די פארטיי שטערט אביסל.

— פאלגט מיך, קומט צו פארן צו אונז, וועלן מיר פארן צוזאמען אין איין גרופע.

— זייער מעגלעך.

— נאט אייך מיין אדרעס, שרייבט אן א פאר ווערטער. אן עבירה יעדער טאג. פארטיי־ארבעט איז ב״ה פאראן אומעטום. דאס פערזענלעכע לעבן דארף מען אויך נישט מבטל מאכן.

אירע ווערטער האבן אים נאך מער ווי איבערצייגט. און נישט אזוי אירע ווערטער, ווי אירע ווארעמע בליקן און ווייבלעכער, פיל־צוזאגנדיקער שמייכל... ער וואלט גערן, זייער גערן זיך געהאלטן מיט איר צוזאמען אין זיין ווייטערדיקער וואנדערונג... און אפשר — — — — ווער ווייס — — — ער קאן גאר קאנקרעט נישט טראכטן דערפון... סארע איז דערשינען אזוי פלוצלונג ! אין איין טאג זיינען אלע רעיונות איבערגעקערט געווארן... אן אויסטערלישע צעמישעניש געווארן...

אין מיטן פון זייער אינטימען שמועס איז ווייס פלוצלונג פארענדערט געווארן. זיין פנים האט זיך אויסגעקרימט אין א נערוועזער גרימאסע :

דורך די ברייטע אָפענע טירן ביים בופעט האָט ער באַמערקט פרוי זילבער... זי האָט געקויפט דאָרט עפּעס זיסוואַרג און פון דערווייטן האָט ער זיך געטראָפן מיט איר בליק. ס'איז פאַר אים געווען אומגעריכט. ער האָט נישט אויסגערעכנט, אַז זי זאָל דאָ אַריינקומען אַליין. אַז זי קאָן דאָ יאָ קומען בלויז עפּעס קויפן — דאָס איז אים נישט איינגעפאַלן. ווייס האָט זיך אַנטשולדיקט אויף אַ ווייל און איז צו איר צוגעגאַנגען.

— כ'האָב היינט געטראָפן אַ באַקאַנטע... — האָט ער גענומען שטאַמלען ווי זיך צו פאַרענטפערן. — אַן אַלטע באַקאַנטע... פון דער שול... נו, זיינען מיר אַריין אַ ביסל אַהער...

— פאַרוואָס־זשע נישט... אדרבה... — האָט פרוי זילבער געענטפערט מיט אַ קינסטלעכן שמייכל.

— קומט צו צו אונזער טישל... — האָט ער זי פאַרבעטן, און בעת־מעשה האָט ער זיך געפילט אַזוי אומבאַהאָלפן און נעבעכדיק.

— ניין. כ'מוז גיין אַהיים... כ'וויל אייך נישט שטערן...

— שטערן ?!... וואָס הייסט ? קומט, כ'בעט אייך...

— אָ, ניין, כ'מוז שוין גיין. אַדיע !

און זי האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— מיר זעען זיך באַלד... — האָט ער איר נאָכגעזאָגט.

ער האָט זיך אומגעקערט שטאַרק פאַרלוירן. ס'איז אים געווען מאָד־נע אומבאַקוועם און פריקרע פאַר ב יי ד ע פרויען...

— מיין באַלעבאָסטע... — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַר סאַ־רען. — כ'וווין דאָרט צייטווייליק...

— פאַרוואָס עפּעס צייטווייליק ? איז אייך דאָרט אומבאַקוועם ?...

— די דירה איז יאָ אַ באַקוועמע... אָבער... כ'האָב זיך דאָרט נאָר אַריינגעצויגן אויף אַ קורצער צייט. ווען די באַלעבאָסטע וואָלט גענו־מען ביי מיר דירה־געלט, וואָלט מיך נישט געאַרט; אָבער דאָס איז מיין פרוים אַ חברטע... אַ באַקאַנטע...

— כ'פאַרשטיי, — האָט סאַרע געשמייכלט, — פאַרוואָס האָט זי נישט געוואָלט צוגיין צו אונזער טישל ? כ'האָב באַמערקט, אַז איר האָט זי דאָך גערופן.

— ווייס איך... זי איז גראָד פאַרנומען, האָט זי זיך געאיילט...

— זי וווינט מיט אַ מאַן ? — פרעגט ווייטער סאַרע.

— ניין, איר מאַן איז אומגעקומען...

— קלאָר... — ענטפערט סאַרע ווידער מיט אַ שמייכל.

— וואָס איז אייך קלאָר ? — דערפילט זיך ווייס געטראָפן.

— וואָס ? גאָר פּשוט : אַן אַלטער פריינט... אַ היימישער מענטש...

זעט זי מסתמא אין אייך עפּעס מער ווי אַ סובלאָקאַטאָר...

— וואָס זי טראַכט דאַרף איך נישט וויסן... כ'קאָן דערפאַר נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך... איך דאַרף דאָך אויך טראַכטן...

— נו יאָ, אין אַזעלכע פאַלן מוזן ב יי ד ע צדדים מסכים זיין... אַנדערש גייט עס נישט...

די אינטימע, גוטע שטימונג פונם ערשטן טייל אָוונט האָט זיך איבערגעריסן און איז שוין נישט צוריקגעקומען ביי זייער טיש. ווען וואָס זיי האָבן נישט געפּרוווט ריידן, האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט.

— איר ווייסט, חבר ישראל — זאָגט סאַרע, — איך מוז שוין גיין אין מיינע „מעבלירטע צימערן". צייט צו שלאָפן. מאָרגן מוז איך פרי אויפשטיין.

— מאָרגן וועלן מיר זיך שוין נישט זען ? — פרעגט ווייס מיט אַ טאָן פון באַדויערן.

— ליידער נישט. כ'וועל נישט באַוויזן.

— איז ווען זשע וועלן מיר זיך ווידער זען, סאַרע ? כ'וואָלט זייער געוואָלט זיין מיט אייך כאָטש אין איין שטאָט...

— נו, אדרבה... כ'האָב אייך דאָך געזאָגט : קומט צו פאָרן, וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג אַריין, איבער גרעניצן. עס לוינט דאָ נישט צו בלייבן אין אַלע הינזיכטן. פוילן וועט בלייבן אַ לאַנד אָן יידן...

ווייס האָט זי באַגלייט ביזן סאַמע האָטעל. די גאַסן און הינטער־געסלעך זיינען געווען טומנע, ווי אויסגעשטאָרבן. די לאַמטערנעס זיינען געווען זעלטענער און זייער קאַרגער שיין האָט קוים אַ ביסל באַלויכטן זייערע אייגענע דלד אמות. אין דער פינסטערניש איז געווען פאַרגלי־ווערט דער טרויער, וואָס נאָך אַ חורבן...

ביים אַריינגאַנג פון האָטעל האָבן זיי זיך געזעגנט.

— זייט געזונט, חבר ישראל !

— מיר זעען זיך זיכער, סאַרע ! פאַרט געזונטערהייט !

ער האָט איר געדריקטביידע הענט און אין דעם דריק אַריינגעלייגט אַ שטיק האַרץ. זי האָט עס געפילט און אָנגענומען פאַר נאַטירלעך, בעת ער האָט זי אין לעצטן אויגנבליק אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

מיט פאַמעלעכע טריט האָט זיך ווייס געשלעפּט איבער די פוסטע גאַסן צו זיך אַהיים. ווי משוגעהדיק עס שפּילט מיט אים דאָס לעבן, האָט ער געטראַכט. עס וואַרפט אים שוין זינט יאָרן אין ווילדע, אומגעריכטע סיטואַציעס. אין דער רגע האָבן ביי אים געבראַוזט געמישטע געפילן : פון איין זייט איז ער פלוצלונג אויפגעוועקט געוואָרן דורך סאַרען ווי פון אַ לאַנגן, קאַלטן דרימל, און פון דער אַנדער זייט ליגט אים ממש

ווי א שטיין אויפן הארץ פרוי זילבער מיט איר צו־גוטער באַציאונג צו אים... דערצו נאָך די היינטיקע אומגעריכטע פריקרע באַגעגעניש מיט איר אין קאַפּיי ביים בופעט. כאָטש אין תוך גענומען איז ער דאָך לגבי איר אין בעסטער אָרדענונג : אַפילו דאָס טיפסטע געפיל פון דאַנקבאַר־קייט האָט דאָך אויך זיין גרעניץ... ס׳איז דאָך נישט זיין שולד, וואָס ער פילט נישט צו איר עפּעס מער ווי דאַנקבאַרקייט.

ער האָט זיך שטיל ווי אַ גנב אַריינגעשלייכט אין זיין צימער, כדי נישט אויפצוּוועקן פרוי זילבער און כדי איר נישט צו דערמאָנען וועגן זיין עקזיסטענץ...

עטלעכע טעג נאָך דעם „צופאַל" האָט פרוי זילבער כמעט ווי אויס־געמיטן מיט אים אַריינצוגיין אין אַ געשפּרעך. ווייס האָט געפילט בחוש, אַז זי איז אויף אים אָנגעשטויסן. מיט דער צייט אָבער איז איר אָנגע־כמורעטקייט פאַרביי : אפנים, אַז זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון — קיין נאַר איז זי דאָך נישט — אַז ברוגז וועט סיי־ווי־סיי צו גאָרנישט ברענגען... זי האָט זיך פּשוט געמאַכט פאַרגעסן פון דער גאַנצער זאַך און אים קיין שום אַלוזיע נישט געמאַכט. גלייכער עס אינגאַנצן צו איג־נאָרירן.

זיי פלעגן ווידער — אמת, זעלטענער ווי ביז אַהער — עסן צוזאַמען אָוונט־ברויט און אין אַ פרייען אָוונט פאַרברענגען אין קאַפּיי, צי אין קינאָ, און אַפילו זיצנדיק אין דער זעלבער קאַפּיי, וווּ ס׳איז פאָרגעקומען יענע נישט־אָנגענעמע באַגעגעניש און וווּ עס וואָלט געוועזן נאַטירלעך פון איר זייט צו דערמאָנען זיך און פרעגן וועגן י ע נ ע ר פ ר ו י, ווער זי איז און פון וואַנען זי האָט זיך פלוצלונג גענומען, — אַפילו דאָ אין קאַפּיי האָט אים פרוי זילבער מיט קיין וואָרט נישט מרמז געווען, ווי קיינמאָל גאָרנישט געוועזן...

## י״א

איינמאָל קומט ווייס אַהיים מיט אַ נייס :

— איר ווייסט, פרוי זילבער, איך פאָר אַוועק. כ׳האָב זיך שוין אַפילו אָפּגעזעגנט מיט מיין טאַטנס קבר...

— וואָס הייסט ? וווּהין ?

— די פאַרטיי שיקט מיך אויף אַרבעט קיין נידערשלעזיע.

— וואָס עפּעס ? איר טוט נישט גלייך... דאָ איז פאַרט אַ רעזי־דענץ... אַ צענטער...

— איר ווייסט דאָך, כ׳בין אַ דיסציפּלינירטער פאַרטיי־מענטש...

— איר פאָרט אויף לאַנג ?

— כ׳ווייס נאָך נישט, אויף וויפל מען וועט מיך דאָרט דאַרפן...

פרוי זילבער האָט קיין סך נישט אָפּאַנירט. לויט זיין באַציאונג צו איר אין דער לעצטער צייט איז געווען נאַטירלעך צו דערוואַרטן אַזאַ „סיורפּריז". אין האַרצן האָט עס איר אָבער געקרענקט און אויך אויף איר פּנים האָט וויים דערקענט אַ מאַסקירטע גרימאַסע פון פאַרדרוס.

— איך פאַרשטיי... — פּרוּווט ער זיך ווי פאַרענטפערן — די פאַרטיי האָט ווייניק אַקטיווע מענטשן. נישטאָ פשוט וועמען צו שיקן.

— פאַרפאַלן... אַז מען מוז לעבן פאַר דער פאַרטיי, איז נישט שייך...

— באַמערקט זי מיט באַהאַלטענער איראָניע.

פונדעסטוועגן ביים אַוונט־ברויט האָט זיך די שטימונג אַ ביסל געביטן צום בעסערן. ס'איז ביים טיש געוואָרן הייטערער. פרוי זילבער האָט אַפילו געשטעלט אויפן טיש אַ פלעשל ליקער.

— וואָס עפּעס טרינקען אין אַ מיטן מיטוואָך ? — פרעגט וויים.

— איר זייט דאָך שוין אַ גאַסט... און מיט אַ גאַסט מעג מען אויסטרינקען.

— אין וועלכער שטאָט אייגנטלעך פאָרט איר ? — פרעגט זי אין אַ ווײַלע אַרום.

— מסתמא קיין וורעצלאַוו. כ'וויים נאָך נישט אַזוי גענוי.

— וורעצלאַוו איז אַ שטאָט פון גאָלע חורבות... — באַמערקט זי — איך וואָלט נישט געקאָנט וווינען אין אַזאַ שטאָט...

— און וואַרשע איז דען ווייניקער חרוב ? אגב, עס קומען אַהין אָן מיט יעדן טאָג פרישע מענטשן. אַלע עשאַלאָנען פון רוסלאַנד גייען איצט קיין נידערשלעזיע.

— פיין, פיין... איר וועט שוין אַליין זען... נאָך וואָס אייך שווער מאַכן דאָס האַרץ ?

„אַרימע סאָניע זילבער ! אויך דו, קלוגע פרוי, קאָנסט זיך נישט אָנשטויסן..." — האָט וויים געטראַכט צו איר אין געדאַנק.

נאָכן אַוונט־ברויט האָט וויים פאַרגעלייגט מ'זאָל אַריינגיין אין אַ קינאָ, כדי אויסצומיידן איבעריקע, נישט אַנגענעמע שמועסן. אין קינאָ מוז מען דאָך קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אויפן עקראַן. נאָכן קינאָ זיינען זיי נאָך אַריין אין קאַפע. ס'איז נאָך געווען פרי גענוג. אַלע טישלעך זיינען געווען פאַרנומען. ס'איז פונקט געווען עפּעס אַ חגא־טאָג. דער אָרקעסטער האָט זיך באַזונדערס געפליסן, שפּילנדיק לייכטע מוזיק — אַלטע, פאַרמלחמהדיקע וואַרשעווער טאַנגאָס און באַקאַנטע מאָטיוון, וואָס מ'פלעגט זינגען אין וואַרשע, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע. גרויס בייפאַל האָט נאָך געהאַט דאָס פּאָפּולערע קופּלעטן־ליד „וואַרשאַוואַ", וואָס איינער פון אָרקעסטער האָט געזונגען.

ווייס האט דעם אוונט זיין ציל דערגרייכט : ס'איז אים געלונגען אפצוווענדן פרוי זילבערס אויפמערקזאמקייט אויף זייטיקע זאכן.

אין טאג פון אוועקפארן האט ווייס געמאכט פאר פרוי זילבער נאך א „סינרפריז" : אנשטאט איר אפצוצאלן דעם חוב — וואס ער איז שוין איצט געווען ביכולת צו טאן, נאר האט אלץ קיין פאסיקע געלעגנהייט נישט געהאט — האט ער זיך געקליגלט, כדי זי נישט צו שאקירן און מעשה־דזשענטלמען איר געבראכט א מתנה — א שיינע בריליאנטענע בראשקע, וואס האט זיכער געהאט דעם ווערט פונם חוב, אויב נישט מיט אן עודף. פרוי זילבער האט פראטעסטירט :

— צו וואס האט איר זיך געלאזט אזוי פיל קאסטן ? צו וואס איז עס נויטיק ?

— איר פארדינט דעם אנדענק, פרוי סאניע ! איר האט דאך מיר ארויסגעוויזן אזוי פיל גוטסקייט ! אגב : איר האט דאך אייער בראשקע געמוזט פארקויפן...

פרוי זילבער האט די בראשקע גענומען, אבער מיט א געפיל פון ווידערווילן. נישט נעמען האט זי נישט געקאנט, ווייל זי האט נישט געוואלט ווייסן באליידיקן. דעם ווידערווילן האט זי געהאט נישט מחמת די בראשקע איז איר נישט געווען געפעלן; אדרבה, זי איז געווען א גאנץ אריגינעלע און סימפאטישע; אין אריענטאלישן סטיל. דאס בריליאנטל אין איר סאמע מיט האט געהאט א סובטעלן בלויען גלאנץ. דאך ווייס סאניע פארויס, אז זי וועט די בראשקע נישט טראגן, אפשר קיינמאל נישט טראגן. די דאזיקע בראשקע איז ביי איר ווי אן איבעריקער אטעם־טאט פון איר וויסטן, צעבראכענעם לעבן — — —

און פרוי זילבער האט דאס קליינע קאלירטע שאכטעלע מיט דער בראשקע פאררוקט ערגעץ אין א שופלאד.

***

נאך ווייס'ס אוועקפארן איז אין פרוי זילבערס וווינונג געווארן גאך פוסטער, נאך עלנטער...

ווייס ווידער איז אוועקגעפארן פון ווארשע — פון דער שטאט פון חורבות — מיט אן אייביקן טרויער, וואס ער האט אין זיך אריינגענומען אין די מדבריות פון געטא... אבער פון דער אנדער זייט האט ער אויך געהאט א געפיל פון דערלייכטערונג, באפרייט ווערנדיק פון א פלאנטער, אין וועלכן ער איז ביסלעכווייז קענען זיין ווילן אריינגעצויגן געווארן... דאס מאל האט ער קלאר געוווסט וווהין ער פארט, וווהין און צו וו ע מ ע ן...

פאריז, דעצעמבער 1949.

# איינמאל ביינאכט

אין ווינטערדיקן דרויסן האָט געפינסטערט אַ קאַלטע נאַכט. די שויבן פון די פענסטער זיינען געווען מיט דיקע קווייטן פאַרגליווערט. פון צייט צו צייט האָט אַ וואָיע געטאָן אַ ווינט און געמאַכט ציטערן די שויבן.

דאָס פאָר־פאָלק ג ע ל ע ר איז היינטיקן אָוונט געבליבן אין דער־היים. כאָטש ביידע האָבן שטאַרק ליב געהאַט קינאָ און כמעט יעדן אָוונט פלעגן זיי גיין זען אַן אַנדער פילם, האָט זיי פונדעסטוועגן היינט דער ווינט אָפּגענומען דעם חשק ערגעץ צו גיין.

אין שטוב איז געמיטלעך, וואַרים, ליכטיק. ס'איז שוין נאָך אָוונט־ברויט. דאָס שטוב־מיידל האָט אַריינגעטראָגן צוויי גלעזער שפּיגלדיקן טיי פאַרן פאָר־פאָלק און איז צוריק פאַרשוווּנדן געוואָרן אין קיך. די ניאַניע האָט איינגעגעבן לעפעלעך מילך דעם איין־יעריקן קינד אין מיילכל אַריין. ס'איז געגאַנגען אַ פּלאַפּלעריי. דאָס קינד האָט געפּלאַפּלט, די ניאַ־ניע האָט צו אים אויך גערעדט אויפן זעלבן לשון און זי, די מאַמע, האָט אונטערגעהאָלפן מיט אַ קינדערישן צוויטשערן.

ער, דער מאַן, דער קאָפּ פון שטוב, האָט געלייענט אַ צייטונג. ער האָט זי געקנייטשט אין אַלע זייטן, ווי איינער, וואָס זוכט עפּעס און גע־פינט נישט.

די ניאַניע איז אַוועק מיטן קינד אין אַן אַנדער חדר און אין עסצי־מער זיינען געבליבן מאַן און ווייב. זיי האָבן זיך קאַרג געטוישט מיט ווערטער, ווייל ער, דער מאַן, איז בטבע געווען אַ שטיקל שווייגער. אַז זי פלעגט אים נישט ציען ביי דער צונג, פלעגט ער קאָנען אַוועקשווייגן גאַנצענע שעהן. זי, דאָס יונגע ווייבל, האָט עס נישט אויסגעטייטשט שלעכט לגבי זיך: „אַ טבע אַזאַ ביי אים" — האָט זי געקלערט.

האָט אין שטוב געהערשט אַ שווייגעניש. ער ביי דער צייטונג, זי ביי עפּעס אַ העפטעריי. בלויז דער ווינט האָט זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן פון דרויסן מיט זיין מרה שחורהדיקן וואָיען פון ווייסע פעלדער און פוסטע וועלדער...

א נישט־דרייסטער קלונג ביי דער פראָנט־טיר האָט פּלוצלונג אַ הויב אויף געטאָן זייערע פּנימער.
— ווער קאָן עס איצט זיין?
— אין אַזאַ אָוונט?...
צו די געלערס פּלעגן בכלל זעלטן קומען געסט, בפרט נאָך אומגע־ריכט. היינט האָט צו זיי קיינער נישט געדאַרפט קומען.
— פראַניע! — רופט די פרוי צו דער קיך־זייט.
דאָס שטוב־מיידל איז אַדורכגעגאַנגען דורכן עסצימער אין קאָרי־דאָר, כדי צו עפענען די פראָנט־טיר.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך פון קאָרידאָר געהערט עפּעס אַ פרעמד, מאַנסבילש קול.
די פּנימער ביי מאַן און ווייב זיינען נאָך מער פאַרחידושט געוואָרן. זיי האָבן אָנגעקוקט איינע די אַנדערע שווייגנדיקע און מיט אָנגעשפּיצטן געהער צום קאָרידאָר.
ס׳איז אַריינגעקומען דאָס שטוב־מיידל און אַ זאָג געטאָן:
— צו דער מאַדאַם...
— צו מיר?! — האָט פרוי געלער צעעפנט אַ פּאָר אויגן.
— וואָס ביסטו בלאָס געוואָרן? — האָט באַמערקט דער מאַן, אויפ־הויבנדיק זיך פון אָרט.
פרוי געלער איז צו זיך געקומען און מיט נישט זיכערע טריט האָט זי זיך גענומען דערנענטערן צום קאָרידאָר־צו.
— גוטן אָוונט, מרים! — רופט אויס דער פרעמדער, וואָס שטייט ביי דער טיר, וואַרטנדיק מ׳זאָל אים אַריינבעטן.
— אַך, דאָס זייט איר... — איז זי צעמישט געוואָרן און איז שטיין געבליבן פאַרלוירן אין קאָרידאָר.
געלער איז געשטאַנען ביים טיש און צוגעקוקט זיך פון דערווייטנס, דורך דער אָפענער קאָרידאָר־טיר, מיט אויפגעריסענע אַפּלען.
דער פרעמדער האָט זיך געגריסט מיט פרוי געלער און איר געקושט די האַנט.
— כ׳בין דאָ גראָד אין אייער שטאָט... — האָט ער געשטאַמלט — נו, האָב איך באַשלאָסן אייך צו באַזוכן...
— אַ גאַסט... גאָר אומגעריכט... אַ גאַסט... — איז פרוי געלער נאָך אַלץ געווען פאַרלוירן און האָט נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ פּאָזע אָנ־צונעמען. ס׳האָט דעריבער שוין צופיל געדויערט דאָס אויפהאַלטן זיך אין קאָרידאָר...
ביז ס׳האָט זיך אַריינגעמישט דער מאַן. אויף זיין פּנים איז גע־

לעגן אַ ריזיקער פּראַגע־צייכן און ס׳האָט זיך אים געוואָלטיק געגלוסט וואָס פריער צו לעזן דאָס רעטעניש מיטן פרעמדן.

— פאַרבעט דעם גאַסט אַהער... — האָט ער פונדערווייטנס אַ וואָרף געטאָן אַ פראַזע.

דער פרעמדער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל און זיך געלאָזט אַריינפירן אין עסצימער.

געלער האָט נישט געוואַרט ביז וואַנען זיין פרוי וועט אים פאָרשטעלן און איז מעשה־דזשענטלמען אַליין אַנטקעגנגעקומען דעם גאַסט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— זייט באַקאַנט מיט מיין מאַן... — האָט זיך פרוי געלער באַמיט צו ריידן רואיק. און צום מאַן האָט זי צוגעגעבן: — דאָס איז הער ווייסמאַן... מיין... מיין קוזין...

— אַ קוזין?! ווייסמאַן?! — האָט דער מאַן אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן, — האָסט מיר קיינמאָל נישט דערציילט וועגן דעם קוזין...

— יאָ... הם... — האָט זי געשטאַמלט אין פאַרלעגנהייט, — ווייל אַ וויטער קוזין... אַ וויטער... נישט פון דער ערשטער ליניע...

— אַזוי שלעכט געדענקסטו דיינע קוזינס?... אַן עוולה!... — באַמערקט פאַרעקשנט דער מאַן.

זי איז רויט געוואָרן מיט אַ פאַרדעכטיק רויט־ווערן, ווי איינער וועמען מ׳כאַפּט ביי אַ געהיים פאַרברעכן...

דאָס געשפּרעך האָט זיך געבונדן זייער שווער. דער מאַן האָט זיך געהאַלטן געננוג העפלעך צום גאַסט, אָבער אין רעזערוו. פרוי געלער האָט זיך כסדר געפּלאָנטערט ביים ריידן און האָט בשום אופן נישט געקאָנט זיין נאַטירלעך. איינמאָל רויט געוואָרן, איז שוין דער דאַזיקער חותם פון איר געזיכט נישט אַראָפּ...

דער גאַסט, פון זיין זייט, האָט זיך אַליין געמיט צו מאַכן הייטערער די שטימונג.

— איך האָב פּאָר אייך אַ סך גרוסן, מרים... — האָט ער גערעדט מיט אַ לייכטערן טאָן, — פון זילבערן, פון פראַנקן, פון בערנאַרדן...

— וואָס איז מיט זילבערן?

— חתונה געהאַט און געוואָרן אַ באַלעבעסל... אַ טיפּישער קליינבירגער...

— און פראַנק?

— פראַנק האָט שוין באַוויזן חתונה צו האָבן און — גטן זיך...

— אַזוי שנעל?... נו, און בערנאַרד?

— בערנאַרד איז געבליבן דער זעלביקער פילאָזאָף, וואָס ל ע ב ט נ י ש ט, נאָר פ י ל אָ ז אָ פ י ר ט וו ע ג ן ל ע ב ן...

— נו, און איר אַליין ?... — האָט פרוי געלער לסוף געפּרוווט ריי־זיקירן מיט אַ פראַגע. — אפשר האָט איר שוין אויך אָפּגעטאָן די דאָ־זיקע נאַרישקייט ?...

— איך ? אַ צו האַרטע נוס !...

— איר ווילט נישט גיין אין שפּאַן ? — האָט זיך אויך געלער אַריינגעמישט מיט אַ שפּאַסיקער פראַגע.

— פאַר קיין אופן ואופן נישט... — לאַכט דער גאַסט.

— נישקשה, — זאָגט פרוי געלער שוין כמעט מיט אַ נאַטירלעכער שטים, — עס וועט נאָך קומען אַמאָל איינע און פאַרשפּרייטן איר געץ...

סוף כל סוף איז דאָס געשפּרעך ווי עס איז אַוועק מיט זיינע נאַ־טירלעכע און נישט־נאַטירלעכע אָפּנייגן. ס'איז געקומען דערצו, אַז גע־רעדט האָבן כמעט בלויז דער גאַסט און פרוי געלער. פרוי געלער האָט געשטעלט פראַגן וועגן מענטשן, וועגן פּאַסירונגען און דער גאַסט האָט געענטפערט, דערציילט. געלער פלעגט נאָר פון צייט צו צייט אַריינוואַרפן אַ וואָרט ווי פון יוצא־וועגן. מ'האָט דערלאַנגט טיי, פרוכטן. ס'איז אין פלוג געוואָרן אַביסל געמיטלעכער.

— ווי לאַנג איז שוין, זינט איר האָט זיך נישט געזען ?... — וואַרפט פלוצלונג געלער אַריין אַ פראַגע, נישט אַראָפּנעמענדיק זיינע איינגעגע־סענע בליקן פונם גאַסטס פּנים.

— שוין אַ יאָר צוויי... — ענטפערט דער גאַסט.

— שוין מער ווי צוויי יאָר... — פּרוווט פרוי געלער פאַרריכטן.

— צוויי יאָר... — חזרט איבער געלער, ווי נישט הערנדיק זיין פרויס באַמערקונג. — צוויי יאָר... ס'הייסט לערך פאַר אונזער חתונה...

די דאָזיקע באַמערקונג געלערס סתם אין דער וועלט אַריין, ווי צו דערגאַנצן בלויז זיינעם אַן אינערלעכן חשבון, האָט ווידער שווער גע־מאַכט די שטימונג ביים טיש. דער עיקר האָט זיך געפילט געטראָפן זי, פרוי געלער. איר געזיכט האָט זיך גלייך מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן און זי האָט ווידער פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט.

דער מאַן האָט זיך פלוצלונג אויפגעהויבן פון זיין אָרט און זיך אין זייער אַ העפלעכן טאָן אָפּגערופן צום גאַסט :

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך לאָז אייך דאָ איבער... עס וואַרט אויף מיר אין קאַבינעט אַ דרינגענדע אַרבעט... איך קום נאָך אַרויס צו אייך...

— ביטע, שטערט איך נישט — האט דער גאסט געענטפערט אין זעלבן טאן.

מאן און ווייב האבן זיך בעת מעשה נאר איבערגעווארפן מיט פיל־דייטיקע בליקן.

געלער האט זיי איבערגעלאזט זאלבענאנד.

---

מרים איז געזעסן אויפן ברייטן דיוואן און ער, דער גאסט, נעבן איר. זי האט גערעדט:

— וואס ווילסטו פון מיר? נאך וואס ביסטו געקומען א י צ ט, ווען כ'האב שוין אן אלץ פארגעסן?... ווען כ'האב שוין ארויסגעריסן פון הארץ דעם גאנצן עבר צוזאמען מיט אונזער זינד...

— „זינד"?!

— יא, זינד... ווען מ'האט נישט קיין מוט צו טראגן אלע פאלגן, הייסט עס — זינד... אבער פארוואס ביסטו געקומען און אלץ אויפסניי מיר דערמאנט?... איך האב חתונה געהאט מיט א מענטשן, וואס קאן טראגן פליכטן, און כ'האב אלץ אפגעווישט... די גאנצע פארגאנגענהייט... כ'האב אן אנדער לעבן אנגעהויבן... כ'האב ווי עס איז געפונען רו...

— איך האב דיך נאך אלץ ליב, מרים!

— אבער ליבע אן פליכטן?... — שמייכלט זי ביטער.

ער שטומט.

— זאג, מרים, ביסטו גליקלעך מיט אים?...

זי האט אראפגעלאזט דעם קאפ און גערעדט וייטיקלעך, ווי דורכן חלום:

— גליקלעך... כ'ווייס נישט... ווי שווער איז אין לעבן גליקלעך צו זיין... איך דערשטיק אלץ אין זיך און קלער נישט... כ'וויל גארנישט קלערן... אין דעם דאזיקן פאמיליען־ווינקעלע וויל איך נאר איין זאך — רו!... מוחל דאס גליק... נאר רו... רו... פארשטייסט?...

— רו... כא־כא... ס'איז אן ענין פאר זקנים... נישט פאר א הארץ, וואס איז נאך יונג, וואס קאן נאך ציטערן און ברויזן... צו פרי, מרים, צו זוכן רו...

ער איז צו איר צוגעפאלן מיט זיינע ליפן.

— באריר מיך נישט, איך בעט דיך... — האט זי גערעדט מיט א פארשטיקטער שטים און אים פאמעלעך דעם קאפ אפגערוקט, — פאר־געס נישט אן א י ם! (זי האט מיט דער האנט צום קאבינעט א וויז געטאן), — ער איז דאך דער פאטער פון... ד יי ן קינד... יא, מיין טייערער, אזוי איז עס... אבער וואס ביסטו אזוי בלאס געווארן?...

— גאַרנישט, גאַרנישט...

— טאַ הער: דער חשבון איז אַ פּשוטער... נאָך דיין אַוועקפאָרן האָב איך זיך דערפילט אומגליקלעך... קיין אויסוועג איז נישט געווען... האָט נישט געקאָנט זיין... פאַרשטייסט... לענגער וואַרטן האָב איך נישט געקאָנט. חתונה האָבן — דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג. כ'האָב זיך דאַן באַקענט מיט מיין מאַן — אַ ווײַלער, סאָלידער בחור געווען, — אים געלאָזט זיך איינליבן אין מיר און חתונה געהאַט. אמת, כ'האָב געמוזט ליגן... כ'האָב די גאַנצע צייט פאַרבאָרגן דעם אמת פון אים. כ'פיל: כ'בין אַ פאַרברעכערין לגבי אים!

אַ דריקנדיק שווייגן האָט פאַרחתמעט ביידנס ליפּן.

לסוף האָט ער געפרעגט:

— ווייס ער פון גאַרנישט?

— ניין, ער ווייס נישט. אַ פרוי קאָן שטענדיק מאַכן גלויבן... דאָס קינד איז פּונקט געבוירן געוואָרן זיבן חדשים נאָך דער חתונה... נו, טרעפן דאַך אויך אַזעלכע געבורטן... פאַרשטייסט... ער האָט מיך ליב... שטאַרק ליב... און פאַרליבטע זיינען בלינד...

אירע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אומעטיקער בענקשאַפט. זי האָט זיך באַקוועמער געמאַכט אויפן דיוואַן, אָנגעלענט דעם קאָפּ אָן ווייכן אָנלען, מיט די צאַרטע פינגער זיך אין די אייגענע האָר איינגעגראָבן, צעשפּרייטנדיק די אַנטבלויזטע אָרעמס אין ביידע זייטן, ווי ווייסע פליגל.

— טייערע! — האָט ער מיטאַמאָל אויפגעברויזט און איז צו אירע ליפּן צוגעפאַלן.

זי האָט אים נישט אָפּגעשטויסן.

דאָס זיינען געווען שגעונדיקע קושן פון אַ צעפּליקטער, אָבער נישט איינגעשטילטער ליבע — — —

---

דער מאַן האָט גאַנץ שטיל און דיסקרעט אָנגעקלאַפּט אין דער פאַרמאַכטער טיר פון עסצימער. ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער גאַסט האָט זיך אַ הויב אויף געטאָן פון אָרט און זיך שטיל אַנידערגעזעצט אויפן שטול דערנעבן. זי איז שנעל, ווי אַ קאַץ, אויפגעשפּרונגען, אַ פיר געטאָן מיט אַ האַנט איבער די האָר און געבליבן זיצן אויפן דיוואַן.

געלער איז אַריינגעקומען נישט געאיילט, מיט לאַנגזאַמע טריט, גלייך ווי ער וואָלט בכוונה נישט געוואָלט זיי טרעפן פּלוצלונג... אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ שווערע ערנסטקייט.

— כ'בין געקומען אייך עפּעס זאָגן, — האָט ער אָנגעהויבן, — כ'מיין טאַקע אייך ביידן...

ביידע זיינען געזעסן ווי פֿארגליווערט אויף זייערע ערטער און בלויז די בליקן זייערע האבן זיך נאך אים נאכגעצויגן. געלער האט אומגע־שפרייזט הין און צוריק איבערן צימער מיט שווערע הארטע טריט. פֿון זיינע ליפּן זיינען געפֿאלן ווערטער ווי שניידיקע חלפֿים:

— עס איז געקומען די שעה, ווען איך קאן אייך ב יי ד ן מאכן א פֿארשלאג...

זי האט אנגעהויבן שווידערן און זיך צוגעטוליעט פֿעסטער צום אנלען פֿון דיוואן. זי האט אים נאך ביז איצט אזא נישט געזען. געלער האט ווייטער מיט גזלנישער רואיקייט גערעדט:

— מיין פֿארשלאג איז, אז איך זאל פֿון דאנען אוועקגיין... איר פֿארשטייט?... אויף שטענדיק אוועקגיין... און איר ביידע בלייבט אייך דא...

— כ׳פֿארשטיי נישט... וואס מיינסטו דערמיט?... — גיט זי זיך א באוועג אויף איר ארט.

— וועסט עס פֿארשטיין, מרים! — ענטפֿערט ער, גייענדיק אלץ הין און צוריק, ווי געטריבן דורך א בייזן גייסט. — שוין באלד צוויי יאר, ווי עס דויערט אונזער צוזאמענלעבן. כ׳האב דיר געגלויבט ווי מען גלויבט אין א גאט... אין מיין נשמה האט קיין שאטנדל פֿון ספֿיקות נישט אריינגעדרונגען... אבער דער היינטיקער אָוונט איז גענוג געווען, עס זאל פֿון אלץ א תל ווערן... אלץ איז חרוב געווארן...

דער פֿרעמדער האט זיך פֿון ארט אויפֿגעהויבן און גענומען שטאמ־לען פֿארלוירן:

— כ׳האב נישט געמיינט צו שטערן אייך... כ׳בין געקומען ווי א גאסט...

— זיצט, זיצט רואיק... איך באשולדיק אייך נישט... ניין, ניין!... אדרבה, איצט בין איך אייך טויזנט מאל דאנקבאר, וואס איר זייט גע־קומען... איר האט מיר די אויגן געעפֿנט... נאר דו, מיין טייערע... בא־כא... ווי געניאל דו קאנסט ליגן!...

— רייד נישט אזוי! — האט זי באפֿעלעריש אויסגערופֿן.

— איך וועל יא אזוי ריידן! נישטא דא קיין זייטיקע מענטשן — אלץ דאך ה יי מ י ש ע... פֿארשטייסט?... מיר מוזן עפֿענען די קארט... אז דאס „זיבעלע“ איז געבוירן געווארן, האב איך נישט געהאט קיין גרונט דיר נישט צו גלויבן. כ׳האב דיר געגלויבט, אפֿילו נישט געפֿינענ־דיק אין קינד קיין טראפּן ענלעכקייט צו מיר. איצט אבער... א דאנק אט דעם היינטיקן באזוך — זע איך צו וו ע מ ע ן דאס קינד איז איבער־ראשנד ענלעך... איך זע די ספּעציפֿישע שטריכן...

— אָבער וואָס פֿאָלט אייך איין, הער געלער...

— איך בין מיך נישט טועה... איך ווייס עס... איך פֿיל עס... כ'קאָן שווערן דערפֿאַר ביי אַלע הייליקייטן... שוין דאָס אַליין, וואָס איר זייט אַהערגעקומען, איז אויך אַ באַווייז: דעם פֿאַרברעכער ציט צום אָרט פֿון זיין פֿאַרברעכן...

— ביסט פֿון זינען אַראָפּ! — האָט פֿרוי געלער אויסגערופֿן אַ בלאַסע, מיט ווילדע אויגן.

זי האָט זיך מיטביידע הענט פֿאַרשטעלט דאָס געזיכט און זיך צעבליפּעט.

— וויין, וויין, אויב דיר זיינען ליב טרערן... איר, הער ווייסמאַן, בלייבט דאָ וווינען אין דער דירה מיט אייער געליבטער און — אייער קינד... און איך... איך בלייב נישט מער אונטער דעם דאַזיקן דאַך... שוין היינט גיי איך נעכטיקן אין אַ האָטעל און מאָרגן דערליידיקן מיר אַלע פֿאָרמאַליטעטן...

געלער איז האַסטיק אַרויסגעלאָפֿן אין קאָרידאָר, אַ כאַפּ געטאָן פֿון הענגער דעם מאַנטל און אַן אויפֿגערעגטער גענומען זיך אָנטאָן.

דער גאַסט איז אויך אַריין אין קאָרידאָר און האָט אויך געוואָלט נעמען זיין מאַנטל.

— אום גאָטעס ווילן... הער געלער... באַרואיקט זיך... כ'בין דאָך נאָר אַ צופֿעליקער גאַסט... כ'גיי שוין אַוועק...

— בלייבט! ! — האָט געלער אַ דונער געטאָן און צונויפֿגעקראַמפּט די פֿויסטן. — אַ מענטש מיט ערע אַנטלויפֿט נישט... מוט דאַרף מען האָבן!

דער גאַסט האָט זיך דערשראָקן, צוריקגעצויגן פֿון הענגער ביז צו דער וואַנט.

געלער האָט אַן עפֿן געטאָן די טיר און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין נאַכטיקן חושך.

דער גאַסט האָט אין קאָרידאָר פּאַמעלעך אָנגעטאָן דעם מאַנטל און איז אַריין נישט־זיכער אין עסצימער. ער האָט זיך געפֿילט זייער נאַריש און נעבעכדיק.

זי איז נאָך אַלץ געזעסן אויפֿן דיוואַן אַן איינגעקאָרטשעטע און שטיל געבליפּעט. אירע אַקסלען האָבן געציטערט.

— נו, באַרואיק זיך, מרים... — האָט ער זי נישט־דרייסט פֿאַר אַן אַקסל אָנגענומען — נישקשה, ער וועט זיך איבערשלאָפֿן און זיך אויסניכטערן... ער וועט מאָרגן זיכער צוריקקומען...

זי האָט אויפֿגעהויבן די פֿייכטע אויגן און אים אָנגעקוקט.

— כ'זע, דו שטייסט שוין אין מאנטל... שרעק זיך נישט, כ'וועל דיך מיט געוואַלט נישט פאַרהאַלטן... — האָט זי ביטער געריט, — כ'ווייס: ביסט דאָך, ווי דו זאָגסט אַליין, אַ „צו האַרטע נוס"...

— פאַרשטייסט, מרים... פאַרשטייסט... כ'האָב געמיינט, אַז איך וועל אַוועקגיין, וועט ער בלייבן...

— און איצט?...

— פאַרשטייסט... כ'מוז דאָך... כ'מוז דאָך שוין גיין... כ'בין דאָ ביי פרעמדע מענטשן... פאַרשטייסט... נישט באַקוועם צו קומען צו שפּעט אַהיים...

— כ'פאַרשטיי ! כ'פאַרשטיי אויסגעצייכנט ! — איז איר שטים מיטאַמאָל געוואָרן שטייף און פאַרענדערט, — דיר איז אומבאַקוועם... דיר קומט דאָך באַקוועמלעכקייט אויף דער וועלט... איך דאַנק דיר פאַר דיין היינטיקן וויזיט... ס'האָט מיך זייער געפרייט! אַ גוטע נאַכט !

און זי האָט די אויגן מיט איר האַנט־פלאַך פאַרשטעלט.

ער איז נישט דרייסט געווען צו געבן איר די האַנט. ווי אַ פאַר־משפטער אונטער די שמיץ פון בייסיקע ריטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט ער זיך מיט נישט־הערבאַרע טריט געשאַרט צום אַרויסגאַנג.

— אַ גוטע נאַכט ! — האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט ווי צו זיך אַליין און די טיר געעפנט ווי אַ גנב.

מרים האָט קיין ברעם נישט אויפגעהויבן. זי איז געבליבן זיצן פאַרשטיינערט, ווי אַ סטאַטוע, איינע אַליין...

דער שאַנק־זייגער האָט אויסגעשפּילט צוויי. אין נאַכטיקן דרויסן האָט נאָך געוואָיעט דער ווינט און די שויבן האָבן אימהדיק געציטערט.

פון שלאָפצימער האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס געוויין פון קינד.

זי האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון איר פאַרזונקנקייט, זיך האַסטיק אָפּגעריסן פון איר אָרט און געלאָזט זיך צום שלאָפצימער:

— איך גיי צו דיר, איך גיי, איינציקע טרייסט מיינע !...

וואַרשע 1933

# א פרוי אין די בערג

I

אין דעם ליכטיקן קוראָרט־פּענסיאָן „צוויי רויזן", אין די בערג, איז געווען זייער רוישיק און טומלדיק. כמעט אַלע צימערן זיינען גע־ווען באַזעצט פון אַ פאַרשיידנאַרטיקן עולם. די לאַנגע עס־טישן אויף דער קאַלירטער גלעזערנער וועראַנדע זיינען פיר מאָל אַ טאָג געווען געדיכט אַרומגערינגלט מיט אַ פולער מענטשן־קייט. ביים עסן איז געווען גאָר לעבעדיק. באַזונדערס האָבן זיך געלאָזט הערן די שטימען פון דער יוגנט: מיידלעך און בחורים, געקומענע פון פאַרשיידענע עקן לאַנד. טייל זיינען געווען באַקאַנט פון דער היים, טייל ווידער האָבן דאָ גופא שוין באַוויזן ווער מיט וועמען היימיש צו ווערן.

פרעגמאַן איז אַהער אַריינגעפאַלן פון אַ גרויסער רוישיקער שטאָט. ער האָט גענומען אורלויב פון זיינע אַרבעטן ביי אַ שרייב־טיש און פון זיין פרוי — זיבן יאָר נאָך זייער חתונה! — און פון זיינע צוויי קליי־נע, שרייאיקע, שטיפערישע „בעבזיקלעך"... ער איז געקומען אַהער אַ מידער, מיט צעשרויפטע נערוון, און ער האָט דאָ גערעכנט צוריקצושטעלן זיין פאַרלוירענע גלייכגעוויכט. די ערשטע טעג האָט ער זיך דאָ ביים עסן געפילט אַ ביסל אַנטוישט: צופיל גערויש, צופיל האַרמידער. עס פאַסט נישט פאַרן לעבן אין די בערג! ער האָט זיך דעריבער געהאַלטן אין רעזערוו, ווי אַ פרעמדער צוקוקער. שפּעטער אָבער האָט עס אים אויפגעהערט צו אַרן: מילא, ווי לאַנג דויערט דען דאָס עסן? ער האָט דאָך אַ גאַנצן טאָג די בערג! די בערג!

פרעגמאַן האָט, זיצנדיק ביי די עס־טישן, אויסגעטיילט בלויז איי־נע אַ יונגע דאַמע, וועלכע האָט זיך דאָ אויך נישט געפילט אַזוי משפּחה־דיק ווי אַלע. די דאַזיקע דאַמע האָט געהאַט אַ געזיכט פון אַליוור־קאָליר, אַ קאָפּ מיט קורצע, שוואַרצע לאָקן אין אַלט־מזרח־סטיל. צוויי שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט ווי צוויי רעטענישן פון צווישן לענגלעכע וויעס. געזעסן ביים טיש איז זי אויך ווי אַ פרעמדע און כמעט ווי נישט גע־

בומען קיין אָנטייל אין די טומלדיקע געריידן און געלעכטערס. „אַפּנים, נישט קיין דורכשניטלעכע פרוי" — באַשליסט פרעגמאַן אין געדאַנק.

פרעגמאַן האָט זי אומבאַמערקטערהייט אַ ביסל נאָכגעשפּירט אַפילו נישט נאָר ביים עסן. גאַנצענע שעהן פלעגט זי אָפּליגן איינע אַליין אויפן ליג־שטול מיט אַ בוך אין דער האַנט און דער אַרומיקער פלאַכער עולם פלעגט זי נישט אינטערעסירן. איז זי עס אַנטלאָפן פון עפּעס אַ שווערער איבערלעבונג און זי זוכט בלויז רו, און דערפאַר קוקט זי זיך אויף קיינעם נישט אום? אָדער אפשר האָט זי נישט קיין דערפאָלג ביי מענער און דערפאַר איז זי עס אַן אָפּגעזונדערטע פון אַלעמען? אָבער ניין! זי איז גענוג פּיקאַנט, די שוואַרץ־אויגיקע און שוואַרץ־האָריקע. און אָנטאָן טוט זי זיך אָן מיט געשמאַק, און די ליפּלעך און שמאָלע ברעמען־שנירלעך זיינען אויך נישט פון נאַטירלעכן קאָליר — אַ סימן, אַז זי איז דווקא נישט גלייכגילטיק צו דער מענער־וועלט; אַז זי האָט שוין יאָ אין זינען געפעלן צו ווערן...

פרעגמאַנס בליקן ביים עס־טיש זיינען בלויז אויף דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער געפאַלן: ווער איז זי? ווער קאָן זי זיין? זי עסט אַזוי מאַנירלעך. די שמאָלע פינגער האַלטן אַזוי באַחנט מעסער און גאָפּל.

פרעגמאַן האָט אויך באַמערקט, אַז אויף איין פינגער זיצט ביי איר, נעבן אַ בריליאַנטענעם רינג, אויך אַ גלאַטער — אַ קידושין־רינגל... הייסט עס, אַ פרוי פון אַ מאַן.

---

איינמאָל — ס'איז שוין געווען נאָך אָוונט־ברויט — איז פרעגמאַן אַרויסגעגאַנגען הינטער דער ווילע, אויפן שאָסיי, וואָס ווערט פאַרפאַלן אין די בערג. ס'איז געווען אַן אויסטערלישע נאַכט. די בלויקייט איז געווען אַזאַ ריינע, אַזאַ געלייטערטע. אויפן הימל — קיין מינדסטער פלעק נישט, קיין סימן נישט פון קיין וואָלקנדל. די קאָנטורן פון די ריזיקע בערג האָבן זיך געריסן מיט זייער טונקלקייט אין דער בלויקייט אַריין און הארט איבער זיי האָט זיך געקייקלט די לבנה מיט איר אייביק־יונגן גאָלדענעם שמייכל. פון ערגעץ־ווו איז דער נאַכט האָבן זיך טענער געטראָגן. עפּעס ווייטע, אומבאַקאַנטע טענער, גלייך ווי די נאַכט אַליין וואָלט עס איר ניגון אויסגעשפּילט...

ביי פרעגמאַנען איז דאָס האַרץ ווי צעעפנט געוואָרן. דאָ שטעלט ער אַ פּאָר טריט פאָרויס און דאָ בלייבט ער שטיין. ער קוקט זיך אַרום פאַרגאַפט, גלייך ווי ער וואָלט עס מיט די אויגן געזוכט דעם כישוף־מאַכער פון אַזאַ וווּנדערבאַרער נאַכט — — —

פון הינטן רוקט זיך עפּעס אַ העלער שאָטן פון אַ מענטש. אַ פרוי!

זי דערנענטערט זיך. ער דערקענט — זי! יענע פון דער ווילע „צוויי רויזן"...

זי גייט פארביי א שטאָלצע, א רואיקע. א לייכטער שאַרף פון העל־לע, זיידענע קליידער. עס טוט אים א גלעט א דינער פערפום־אַראָמאַט...

— גוט נ'אָוונט! — רייסט זיך ביי אים אַרויס אינסטינקטיוו, גלייך ווי נישט גריסן זיך צו איר וואָלט ער נישט געקאָנט.

א לייכטער שאָקל מיטן קאָפּ, א פּאַרזיכטיק, פריינטלעך שמייכעלע.

— פאַרוואָס אַליין?... — באַקומט ער שוין מער מוט.

— נישט אַליין... — פאַלט אַן ענטפער, — מיט דער נאַכט...

— יאָ, יאָ, — זאָגט פרעגמאַן און גייט שוין אויך ווייטער, כלומרשט אין זיין וועג, — אין אַזאַ נאַכט איז נישט אומעטיק, אָבער דאָך... אַליין!...

— איידער צו גיין מיט מענטשן, וואָס אַנטשפּרעכן נישט, איז גלייכער אַליין...

— איר זייט גערעכט. אויך איך גיי דאָך צוליב דער זעלבער סיבה אַליין...

ביידע זיינען שוין געגאַנגען צוזאַמען, שוין נישט ווי צופעליק...

— איר פאַרשטייט? — האָט ער ווייטער גענומען ריידן מיט באַ־האַלטענעם פּאַטאָס, — אין אַזאַ נאַכט קאָנען זיך מענטשן פאַרגינען צו זיצן דאָרט אין פאַרמאַכטן פענסיאָן און אַמוזירן זיך מיטן פּאַטעפאָן.

— נישט אַלע האָבן אויגן פאַר שיינקייט! — וואַרפט זי אַריין.

— זעט! זעט! — רעדט ער מיט פייער — קוקט אָן דעם הימל. א גאַנץ יאָר שטיקט מען זיך אין די ענגע שטעט, און טאָמער קומט מען אַהער אויף עטלעכע וואָכן — זיצט מען אָפּ ביי די באַנאַלע קאַבאַרעט־לידלעך... בלינדע! בלינדע!

אין א מינוט אַרום כאַפּט זיך פרעגמאַן, שטאַמלענדיק:

— אָבער... אפשר שטער איך אייך?... איר האָט דאָך געזאָגט, אַז גלייכער אַליין...

— ס'שאַדט נישט... דערווייל שטערט איר מיר נישט...

— דערווייל?... איר זייט נאָך נישט זיכער?...

— נו, יאָ, — לאַכט זי, — דערווייל קאָן איך נאָר וויסן איין זאַך: אַז איר האָט ליב די נאַכט אַזוי ווי איך... ווייטער ווייס איך דאָך נישט... איבעריקנס — גיט זי צו — ביים טיש האָב איך באַמערקט, אַז איר זייט אַנדערש ווי אַלע...

פרעגמאַנען האָט עס געחידושט: הייסט עס, זי האָט אים אויפן

אויג, באַטש ער האָט עס גאַרנישט באַמערקט. אפּנים, פּרויען מאַכן עס גאַנץ אַנדערש, אויפן פּרויאישן שטייגער...

זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אָרט, וווּ ס'האָט זיך געהערט ווי אַ גע־פּליסטער.

— איר הערט ? — זאָגט זי, בלייבנדיק שטיין און אַנשפּיצנדיק דאָס געהער.

— דאָ מוז זיין ערגעץ אַ וואַסערפאַל.

דאָס געפּליסטער איז געוואָרן דייטלעכער.

— יאָ, דאָס רוישן איז פון אַ וואַסער, — זאָגט זי.

— איר וואָלט געוועז אַ בעלן צוגיין אין יענער ריכטונג ? — פרעגט נאָך דרייסטער פרעגמאַן. — אינטערעסאַנט, ווי זעט עס אויס ביי־נאַכט אַנטקעגן אַזאַ לבנה. קומט ! אָט דאָ לינקס איז אַ שטעג.

— אָבער דער שטעג איז אַ צו טונקעלער... — שמייכלט זי פּיל־דייטיק.

— זייט רואיק... כ'בין זייער ריטערלעך...

פרעגמאַן האָט דער ערשטער געשטעלט די טריט אין יענער ריכ־טונג צום שטעג צו. זי איז אים ווי נישט־זיכער נאָכגעגאַנגען. ביי אירע ערשטע טריט האָט ער זיך מיט איר אויסגעגלייכט אין איין ריי.

דער שטעג איז געווען אַ סך שמאָלער ווי דער שאָסיי. ווי טונקעלע וואַנט האָט זיך פון ביידע זייטן דערהויבן אַ וואַלד. די לבנה האָט נאָר באַלויכטן אַ שמאָלן פּאַס אויפן שטעג. ביי איין זייט פון שטעג האָט זיך געצויגן אַ שמאָלע קאַנאַווע, דורך וואַנען עס האָט זיך מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם געטראָגן אַ־טונקל וואַסער. און וואָס ווייטער זיי זיינען געגאַנגען, אַלץ דייטלעכער האָט זיך געטראָגן דאָס רוישן.

זיי זיינען געגאַנגען נישט ווי אָקאָרשט צופעליק באַקאַנט־געוואָרע־נע, נאָר שוין ווי פריינט פון לאַנג, פון אַמאָל...

— ס'איז מאָדנע — הויבט זי אָן רעדן ווי נאָך אַ לאַנגן נאָכדענ־קען, — כ'בין אַרויס אויף אַ וויילע הינטער דער ווילע און — שפּאַציר שוין מיט עמיצן, אַ פרעמדן... אַלץ די נאַכט !...

— שוין אַ באַנאַלער אמת : אונזער גאַנץ לעבן ליגט אין די הענט פון צופאַל, — פילאָזאָפירט פרעגמאַן, — איבעריקנס, ס'איז אפשר בע־סער דאָס פאַרהוילענע, דאָס אומגעריכטע, איידער דאָס באַשטימטע, דאָס באַשערטע... נישט אמת ?...

— יאָ, יאָ, דאָס באַשערטע איז גאָר נישט אינטערעסאַנט... איז טיילמאָל נאָר אַ פּלאָג... עד !... — רעדט זי אַרויס פאַרטראַכט און פאַר־ענדיקט מיט עפּעס אַ זיפץ.

א ווײַלע האָבן זיי בײדע געשוויגן.
— פונדעסטוועגן... ס'איז אַ ביסל קאָמיש, — הויבט זי ווײַטער אָן.
— כ'ווייס אַפּילו נישט אײַער נאָמען...
— אַך... כ'בין אַ ביסל צעשטרײַט... אַט קאָנען מיר שוין אָפיציעל באַקאַנט זײַן: מײַן נאָמען איז פרעגמאַן..
ער איז שטיין געבליבן אויף אַ ווײַלע, האָט זיך טיף פאַרנײַגט פאַר איר און איר די האַנט דערלאַנגט. איר האַנט איז געווען קליין און שמאָל און האָט פאַרמאָגט אַ צערטלעכע וואַרעמקייט.
— און אײַער נאָמען ? — פרעגט ער.
— איר ווילט דווקא ? קרײַן.
— זײַנען מיר שוין, הייסט עס, באַקאַנט, אַ יאָ ?
— איצט יאָ... — האָט זי געשמייכלט.
זיי זײַנען צוגעקומען צו אַן אָרט, וווּ ס'איז געווען איבערצושפּרײַזן איבער אַ קליין אָדערל וואַסער. פרעגמאַן האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און אַריבערבאַגלייט. אויף יענער זײַט האָט ער שוין זײַן האַנט פון אונטער איר אָרעם ווי פאַרגעסן אַרויסצוציען... און זיי זײַנען געגאַנגען געאָרעמט, אַקסל צו אַקסל...
— אָט ,איר זעט ? — טוט זי אַ ווײַז אין אַ זײַט און רײַסט זיך אַרויס פון אים.
אין דער זײַט האָט זיך געזען אַ שטיק באַרג, פון וואַנען ס'האָט זיך געריסן אַ וואַסער, געגאָסן זיך איבער שטיינער און געפאַלן אין דער ני־דער. גראָד איז דאָ דער וואַלד געווען זייער שיטער און די לבנה האָט זיך דאָ צעשפּרייט מיט אַ גאַנצער נעץ שטראַלן. די וואַסער־טראָפּנס האָבן געשימערט אונטער דער לבנה ווי זילבערנע פונקען.
— ס'אַ קינסטלעריין די נאַטור איז ! — רופט זי אויס באַגייס־טערט.
— לאָמיר זיך דאָ ערגעץ־ווו אַנידערזעצן. ווי גוט דאָ איז !
פרעגמאַן האָט אַ נישטער געטאָן דאָ־דאָרט און געפונען אַ פלאַכן ריזיקן שטיין.
— איר זעט ? — זאָגט ער — די נאַטור אַליין האָט אונדז צוגעגרייט אַן אָרט צום זיצן. קומט, לאָמיר זיצן און הערן...
האָבן זיך גענומען וועבן אויפן שטיין לבנהדיקע רגעס פון שטילע אָפּגעריסענע ווערטער; פון שטומע בליקן, וואָס דרינגען אַרײַן אין דער טיפקייט פון נשמה. רגעס פון צערווישטן, צעזונגענעם וואַסער באַרג־אַראָפּ אין דער נידער... פרעגמאַן האַלט איר הענטל, צערטלט אירע פינגער און ווײַזט אויף איר חתונה־רינג :

— א לאנגווייליקער רינג...

— פאר א פרוי איז גלייכער, ווען מ'וויים, אז זי האט א מאן: אנדערש ציילט מען אירע יארן...

— ווי לאנג איז שוין נאך אייער חתונה?

— פיר יאר.

— נו, און איר האט נאך אלץ ליב אייער מאן?... שוין צייט צו אנטווישן זיך... — שפאסט ער.

זי האט א זיפץ געטאן. טיף א זיפץ געטאן:

— ער — מאַ! לאמיר וועגן דעם בעסער נישט ריידן... זאל די היים בלייבן א סוד... נישט איך וועל אייך פרעגן און נישט איר מיך... גוט?...

— געמאכט! — איז פרעגמאן מסכים, — אויב עפעס דערציילן, זאל בעסער דערציילן דאס וואסער דארט...

און דאס וואסער האט טאקע דערציילט. אומאויפהערלעך איז געווען דאס רוישן. עס האט דערציילט זיינס א מעשהלע אן סוף...

עס זיינען געווען מינוטן אויפן שטיין, ווען פרעגמאן איז געווען זייער פארחידושט. ממש מינוטן פון איבערראשונג. ער האלט זיך פון שטענדיק אן פאר א פרויען־קענער און וויים, אז ווי שטארק ביי א פרוי זאל נישט זיין דער דראנג צום מאן, וועט זי דאך שטענדיק ווארטן, אז ע ר זאל צוערשט וו א ג ן... און דא... דא האט זי כמעט די ערשטע געוואגט... בעת ער האט קוים אירע פינגער, ווי בגנבה, צו זיינע ליפן צוגעטראגן, האט זי זיך מיט אירע ליפן אין זיינע איינגעגעסן... ס'איז פאר אים געווען אומגעריכט. אט די שטאלצע דאמע ביים טיש, וועלכע קארגט א ווארט דער געזעלשאפט; וועלכע עסט אזוי מאנירלעך און שיקט אזוי פארזיכטיק א בליק!...

— — — — — — — — — — — —

א גרויער, שווייגעוודיקער באגינען האט זיי אויפגעריסן פון זייער פארגעסן זיך... מיט בארוישטע הערצער זיינען זיי געגאנגען צוריקוועגס, דורך שטילע, פארשלאפענע וועגן, דורך בוימער פארזונקענע אין חלומות וועגן זון, וועגן זון...

---

פון דאמאלס־אן איז שוין פרעגמאן שטענדיק געזעסן ביים עס־טיש נעבן זיין דאמע — נעבן פרוי קריין. ס'האט קיינער פון דער טיש־געזעלשאפט נישט געוווסט פון ווען און פון וואנען ס'איז צווישן זיי דא געווארן אזא היימישקייט. ביי די געמיינזאמע „רכילותלעך" האט עס יעדערער אויף אן אנדער אופן אויסגעטייטשט און קלאר געמאכט.

אָבער דאָס דאַזיקע פּאָרל האָט זיך לחלוטין נישט געקימערט, וואָס מ'רעדט וועגן זיי. און די גאַנצע צייט — אַ חודש לערך — זיך גע־האַלטן געטריי צוזאַמען. צוזאַמען ביים טיש, צוזאַמען אויף אויספלוגן אין די בערג, צוזאַמען אין קאַפע און צוזאַמען אויף איינזאַמע שפּאַצירן...

פרעגמאַן האָט זיך געשפּירט ווי אַ ניי־געבוירענער. ער איז געוואָרן יינגלישער, גייסטיק־האָפערדיק, ווי אין די אַמאָליקע בחורישע יאָרן... „ווי גוט! — האָט ער געטראַכט — ווי גוט אַפּצופרישן די געפילן נאָך אַ לאַנגווייליקן שטאָטישן יאָר, וואָס איז פול מיט גרויער וואָכעדיקייט און שווערע פאַמיליען־זאָרגן!"...

זיינען נישט נאָר זיינע באַגעגענישן מיט פרוי קריין געווען אַזעלכע לייכטע און זוניקע, אָן קליינלעכע פּרעטענזיעס און „וועטאָ־רעכט" — אַפילו די צעשיידונג זייערע איז אויך געווען אַ גרינגע, אַ זוניקע. אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט האָבן זיי געפילט איינער צום אַנדערן פאַר די שיינע רגעס, וואָס זיי האָבן דאָ פאַרבראַכט צוזאַמען...ביידע האָבן עפּעס מיט־גענומען אין דער נשמה צום געדענקען. לאַנג, לאַנג צו געדענקען...

צוערשט איז פרוי קריין אַוועקגעפאָרן פון קוראָרט — עפּעס אַ דע־פּעשע פון דער היים האָט זי אַרויסגערופן. פרעגמאַן האָט זי באַגלייט צום וואָקזאַל מיט כריזאַנטעמען — נישט מחמת באָן־טאָן, נאָר צוליב אויפ־ריכטיקן ווילן. גרויסע, ווייסע כריזאַנטעמען, ווי אַ סימבאָל פון קלאָרער, לויטערער פרייד — — —

ביידע זיינען ביי דער צעשיידונג געווען בענקענדיק־שמייכלדיק.

זיינע לעצטע ווערטער אויפן פּעראָן זיינען געווען:

— איך וויים דאָך אַפילו נישט צו ו ע מ ע ן איר פאָרט... איר האָט דאָך מיר גאָרנישט דערציילט וועגן אייער היים...

און אירע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

— זאָל עס בלייבער אַ סוד בליבן פאַר אייך... די דערינערונג וועט אַזוי־אַרום זיין פיל ליבער...

און מאָדנע! איצט האָט אים מער ווי די גאַנצע צייט באַהערשט אַ געפיל פון נייגעריקייט: צו ו ע מ ע ן פאָרט זי עס אַצינד?... צו וואָס פאַר אַ מאַן?...

איבעריקנס, דאָס דאַזיקע געפיל איז געווען אַ סך, אַ סך מער ווי פּשוטע נייגעריקייט... צו ו ע מ ע ן ? — — —

אָבער זי האָט געשוויגן ווי אַ ספינקס, עקשנותדיק געשוויגן, ווי שטענדיק, ווען ער פלעגט זי עפּעס פרעגן וועגן איר היים...

בעת דער צוג האָט גענומען רירן, האָט זי צו אים, שמייכלענדיק, אַ וואָרף געטאָן פון וואַגאָן־פענסטער איין כריזאַנטעמע.

פרעגמאַן האָט די קילע בלום לאַנג, לאַנג געהאַלטן צוגעדריקט צו זיינע ליפּן...

## יוּ

איינמאָל, אין איינעם אַ ווינטער־פֿאַרמיטאָג — אין אַ גרויען, וואָ־כעדיקן טאָג, וואָס איז ענלעך געווען צו אַלע גרויע, וואָכעדיקע טעג — האָט פרעגמאַן, ווי זיין שטייגער, דורכגעקוקט די פּרעסע. זיינע אויגן זיינען פּלוצלונג אויפגעריסן געוואָרן פון איבעררּאַשונג: אין איינעם אַ שוואַרץ רעמל פון צווישן די נעקראָלאָגן אין אַ צייטונג האָט ער דער־זען אַ באַקאַנטע פאַמיליע — ק ר יי ן! איזידאָר קריין. האָט עס נישט קיין שייכות צו א י ר ?... צו יענער פרוי אין די בערג ?...

די פרוי פון די בערג! — אַזוי רופט ער זי אָן אין געדאַנק שטענ־דיק, ווען ער טראַכט פון איר. און טראַכטן טראַכט ער פון איר אָפט אין דער גרויקייט פון זיין שטאָטישן לעבן... ער זעט זי קלאָר אין דמיון, אין חלום... און איצט... איצט איז זי דאָ פאַראַן אין זיין שטאָט... אָבער ביי וואָס פאַר אַ טרויעריקן צופאַל!...

די לוויה, ווערט געמאָלדן אין נעקראָלאָג, קומט פאָר איינס בייטאָג פון טהרה־שטוב, וואָס ביים בית עולם. מסתמא טאָקע נישט קיין היגע. אפשר... זאָל עס טאָקע זיין איר מאַן ?...

פרעגמאַן האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צום האַנט־זייגערל — ס'איז שוין טאָקע באַלד איינס. ער מוז אַהין פאָרן! ער מוז!

אַראָפּגייענדיק אויף דער גאַס, האָט ער באַשלאָסן, אַז אייגנטלעך דאַרף ער אויף דער לוויה גופא נישט זיין. עס וואָלט נישט געווען אויף אָן אָרט. ער מוז דאָסמאָל אומבאַדינגט בלייבן אומבאַמערקט. זען און נישט געזען ווערן!

איז ער מיט אַ טאַקסי שנעל אַהין געפאָרן, צום בית עולם.

ביים בית עולם איז ער געווען האַלב צוויי. מסתמא, קלערט ער, קומט שוין דאָרט איצט פאָר די קבורה. איז גלייכער גאָר אויפן בית עולם נישט אַרויפצוגיין. בעסער אויסצוקלייבן עפּעס אַ טויער דאָ דערנעבן און נאָכ־קוקן די אַלע מענטשן, וועלכע גייען אַרויס צוריק פון בית עולם.

ער האָט זיך אומגעדרייט הין און צוריק אַן אומרואיקער, האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און איז דאָך אַריין, צוזאַמען מיט עפּעס אַ לוויה, אינעווייניק, נעבן דער מרה שחורהדיקער געביידע, ווו עס קומט פאָר די טהרה. אויף דעם דאָזיקן שטח איז געווען אַן ענגשאַפט פון מענטשן. אַ געוויין, אַ יללה פון אַלע זייטן. אפנים, דער מלאך המות רוט נישט אין דער גרויסער שטאָט אַ גאַנצן מעת־לעת און ער ליפערט אַהער לוויות איינע נאָך די אַנדערע, איינע נאָך די אַנדערע...

פרעגמאַן האָט זיך פאַרזיכטיק געגומען אַרומקוקן. ניין — טראַכט ער — דאָ האָט קיין זין נישט צו זיין. דאָ — אינם טאָל פון טרערן...

איז ער צוריק אַרויסגעגאַנגען, האָט אויסגעקליבן אַ טויער פונקט אַנטקעגן דעם בית עולם־אַריינגאַנג און זיך געשטעלט וואַרטן.

געוואַרט און זיך דערוואַרט.

פון בית עולם־אַריינגאַנג איז אַרויסגעקומען אַ יונגע דאַמע אין קרעפּ. פרעגמאַן קוקט, קוקט — ז י, ז י !... איר געזיכט זעט ער אַפילו נישט אַזוי דייטלעך צוליבן קרעפּ; אָבער ער דערקענט איר פיגור. צוזאַמען מיט איר גייט אויך ביי איר זייט עפּעס אַן עלטערע פרוי, מסתמא אַ קרובה. און איר מאַן... איר מאַן איז טאַקע נישטאָ... אַ סימן, אַז ער איז עס טאַקע דער געשטאָרבענער...

די ביידע פרויען האָבן זיך מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ און פּאַמעלעכע טריט דערנענטערט צו אַן אויטאָ. פרעגמאַן האָט זיך מיט אַ פלאַטער־דיק האַרץ געטוליעט אין ווינקל פון טויער. און בעת יענע זיינען שוין געזעסן אינעווייניק און דער אויטאָ האָט גענומען רירן, האָט פרעגמאַן צוגעאיילט צו אַ צווייטן אויטאָ:

— פאָרט נאָך אָט יענעם אויטאָ ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן דעם שאָפער.

גאַס־אויס, גאַס־איין. פרעגמאַנס אויטאָ איז פּינקטלעך נאָכגעלאָפן נאָך יענעם אויטאָ מיט די צוויי פרויען

אויף איינער אַ גאַס איז דער ערשטער אויטאָ שטיין געבליבן און הינטער אים — דער צווייטער. פרעגמאַן האָט אויפמערקזאַם נאָכגע־קוקט דורכן אויטאָ־פענסטערל ווי די צוויי פרויען שטייגן אויס און גייען אַריין אין אַ טויער. ערשט איצט האָט ער קלאָר געזען און שוין אויף זיכער געוווּסט, אַז דאָס איז זי, פרוי קריין.

פרעגמאַן איז צוגעגאַנגען צום הויז־וועכטער, וואָס איז גראָד געזעסן אין טויער, און אויסגעפרעגט אים, ווער עס זיינען די צוויי דאַמען, וועל־כע זיינען דאָ אַקאָרשט אַריינגעגאַנגען.

— די אַלטע איז דאָ אַ לאָקאַטאָרקע און די יונגע איז אירע אַ קרובה פון פּראָווינץ — דערציילט דער וועכטער, — די יונגע האָט געבראַכט צופירן אַהער דעם מאַן אירן אויף אַן אָפּעראַציע, איז ער נעכטן ביי־נאַכט געשטאָרבן אין קליניק...

— ווי הייסט די לאָקאַטאָרין ?

— בראַוער. וואָס, איר זוכט דאָ עמיצן ?...

— ניין, ניין... — כאַפּט זיך פרעגמאַן, אַז ער ווערט אויפּפּאַלנד מיט זיינע פראַגן.

אפגייענדיק א ביסל ווייטער פונם הויז האט ער פארנאטירט אין זיין נאטיץ־ביכעלע די גאס, דעם נומער פון הויז און די פאמיליע ב ר א ו ע ר. פון דארט איז פרעגמאן באלד אוועקגעגאנגען אין אן אנאנסן־ביורא און אויפגעגעבן אויף מארגן א מיטגעפיל־נעקראלאג אין א שווארץ רעמל דער פרוי קריין — און טאקע אין דער זעלבער צייטונג, וואו ס׳איז היינט געווען געדרוקט דער נעקראלאג.

צומארגנס, ווען דער מיטגעפיל־נעקראלאג איז שוין געווען אפגעדרוקט, האט פרעגמאן אויסגעזוכט אין טעלעפאן־קאטאלאג דעם טעלעפאן־נומער פון פרוי בראווערס וווינונג.

ער האט זיך אנגענומען מיט מוט און אנגעקלונגען אהין.

עמיץ רופט זיך דארט אפ:

— האלא!

א פרויען־שטים. נישט זי. נישט פרוי קריין.

— קאן מען ריידן מיט דער פרוי קריין פון נ.?

— די מינוט.

פרעגמאן דערהערט באלד אן אנדער שטים:

— האלא!

— פרוי קריין?

פרעגמאן דערקענט די שטים. די זעלבע שטים, נאר א ביסעלע שטילער, געבראכענער, ווי געוויינלער פון צער...

— דא רעדט... פרעגמאן...

— אך!... — האט ער דערהערט אין אפאראט א פארוואונדערונג, און באלד דערויף איז די שטים געווארן העכער, הייטערער: — הער פרעגמאן... הער פרעגמאן... דאס זייט איר?... פון וואנען האט איר געוווסט?... כ׳האב געלייענט היינט אין צייטונג. כ׳בין געווען איבערראשט...

— כ׳האב זיך דערוווסט נעכטן פון אייער נעקראלאג...

— כ׳האב טאקע געקלערט: צי וועט עס דא צו אייך דערגיין?... כ׳זע, איר האט זיך טאקע אנגעשטויסן...

— צי קאן מען אייך באזוכן? — פרעגט פרעגמאן.

— כ׳וועל אייך זייער דאנקבאר זיין... איך זע איצט, איר זייט א פריינט...

— איך קום אומבאדינגט מארגן פארנאכט!

— קומט, קומט!

III

אז פרעגמאַן איז צומאַרגנס אין אוונט אַריינגעקומען אין יענער וווי־נונג, איז פרוי קריין אַליין אַרויסגעקומען אין קאָרידאָר אים צו באַגעגענען.

קעגן זיין דערוואַרטונג האָט זי אים באַגעגנט מיט אַ ליכט שמייכל. אויף די טרעפּ האָט ער געהאַט געמאַכט אַן ערנסטע מינע און צוגע־גרייט אין מחשבה אַן אָפּיציעל טרייסט־וואָרט. אָבער דערזעענדיק איר שמייכל, האָט ער פאַרגעסן וואָס ער האָט אין זינען געהאַט צו זאָגן.

ער האָט שווייגנדיק איר האַנט געדריקט, לענגער ווי געוויינלעך גע־דריקט די האַנט, און מיטן דאָזיקן לענגערן האַנט־דרוק האָט ער שוין איינגנטלעך יוצא־געווען פאַרן אָפּיציעלן טרייסט־נוסח.

— קומט, קומט, הער פּרעגמאַן ! — האָט זי פאַר אים געעפנט אַ טיר אין ערשטן צימער פון קאָרידאָר.

זי האָט זיך אַליין באַקוועם אַנידערגעזעצט אויפן דיוואַן און פּרעג־מאַנען אַ ווייז געטאָן אויף אַ שטול דערנעבן :

— זיצט !

— איר האָט זיך געענדערט אַ ביסל, פרוי קריין !

— קיין וואונדער נישט...

— איר זייט בלאַס געוואָרן... זייער בלאַס...

— נו, יאָ... געדענקט איר נאָך, ווי איך האָב אויסגעזען?...

— אַפילו זייער קלאָר... אייער געזיכט איז געווען ווי לעבעדיקער בראָנז. איצט אָבער...

— איצט בין איך מיאוס געוואָרן, האַ ?...

— מיאוס ? כ'האָב עס נישט געמיינט צו זאָגן... נישט מיאוס, נאָר אַ ביסל קרענקלעך, אויסגעבלייכט. אָבער איך וואונדער זיך נישט...

— דאָס זיינען : אַ ריי שלאָפלאָזע נעכט... טעג אָן ליכט, אָן זון...

— האָט פרוי קריין ווי פאַרטייטשט.

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי...

— און איר... — זי האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט און באַלד ווייטער גערעדט מיט אַ טרויעריקן שמייכל, — איר האָט זיך נישט געענ־דערט. בלויז אַ געוויסע מידקייט דערקענט מען אין אייערע אויגן.

— דאָס זיינען די אַלטעגלעכע, קליינלעכע זאָרגן... די שטאָטישע איינטעניקייט...

— און איך מיין, אַז אין דער גרויסער שטאָט קאָן דאָס לעבן זיין אַזוי פאַרשיידנאַרטיק, אַזוי אינטערעסאַנט ! אויב איר זייט אַ בחור, אַ פרייער פויגל, דאַן איז דאָך אַלץ פאַר אייך אָפן...

פרעגמאַן האָט אַראָפּגעלאָזט די בליקן. „אויב איר זייט אַ בחור״ — זאָגט זי. אפנים, זי ווייס נישט, אַז ער איז אַ מאַן פון אַן אייפערזיכטיק ווייב און אפילו אַ טאַטע פון צוויי קינדערלעך... אָבער ניין, ער וועט זי נאָך דערווייל פון טעות נישט אַרויספירן... עס איז אים עפּעס שווער אין דער רגע... און פּאַרוואָס אייגנטלעך באַטאָנט זי עס איצט : „אויב איר זייט אַ בחור״ ?... איצט, נאָך איר מאַנס טויט ?... פּאַרוואָס האָט זי דאַמאָלס, אין די בערג, אויסגעמיטן דערפון צו ריידן ?...

פּרעגמאַן האָט געוואָרפן אויף איר אַ טיפן, דורכדרינגענדיקן בליק, ווי וועלנדיק אַרויסלייענען אירע געדאַנקען, אירע כוונות...

— איר ווייסט, פּרוי קריין, — הויבט ער אָן אַבי עפּעס צו ריידן, — איך מיין, איר וואָלט געדאַרפט ערגעץ אוועקפאָרן אַ ביסל נאָך אַזעל־כע שווערע איבערלעבונגען. אפשר טאַקע אַהין, אין די בערג ?...

— יאָ, — כאַפּט זי זיך אָן, — אין די בערג איז איצט אַ גן עדן, אַ ווייסער גן עדן. שניי און שניי ! און איר פּאַרט קיינמאָל נישט אַרוים ווינטער־צייט ?...

— ווינטער ? ניין. די פליכטן דערלויבן נישט.

— פליכטן ? — לאַכט זי כמעט — ביי יונגע מענטשן פליכטן ?!...

— אַזוי איז עס, צום באַדויערן.

אַ קורץ שווייגן. פּרעגמאַן זעט, אַז פּונקט ווי מיט אַ כיוון מיידט זי אויס צו דערמאָנען וועגן אירע לעצטע איבערלעבונגען. עס טוט אים באַנג די דאָזיקע כוונה אירע.

ער וואָגט אָבער לסוף זי צו פרעגן, ווי מיט אַ צולהכעיס :

— איז אייער מאַן לאַנג קראַנק געווען ?

זי האָט זיך געפונען ווי געטראָפן פון זיין אומגעריכטער פראַגע, האָט געמאַכט אַ זייער ערנסטע מינע, אַ זיפץ געטאָן און געענטפערט :

— אָ, זייער לאַנג ! שוין מער ווי אַ יאָר.

— הייסט עס, אַז זומער, בעת איר זייט געווען אין די בערג, איז ער שוין קראַנק געווען ?

— יאָ, שוין דאַמאָלס האָב איך געוווּסט, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער...

— האָט איר אים ליב געהאַט ?

— אַמאָל — יאָ, נאָך אונזער חתונה... אָבער שפּעטער, אַז דאָק־טוירים האָבן אין אים געפונען אַן אומהיילבאַרע קראַנקייט, בין איך גע־וואָרן פאַר אים בלויז אַ טרייע באַרמהאַרציקע שוועסטער...

פּרעגמאַן הערט אירע קאַרגע רייד און פאַר אים ווערט אַלץ קלאָר : זומער איז זי עס אַנטלאָפן פון דער היים אין די בערג... זי האָט אַרויס־געשלאָגן פון קאָפּ דעם קראַנקן מאַן מיט די דאָקטוירים און מיקסטורן...

זי האָט געזוכט זיך צו פאַרגעסן... און געפונען האָט זי די פאַרגעסנקייט ביי אים... דאָרט איז אויך געקומען דער אויסברוך פון איר צופיל אָנגעזאַמלטן פייער... ס'ווערט אים איצט אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס זי איז דאַן געווען אַזוי דרייסט און ג ע וו אַ ג ט...

פרעגמאַן באַמערקט, אַז זי באַהערשט זיך צו מאַכן אַ פריילעך פּנים; אָבער קענען איר ווילן רייסט זיך אַלע ווײַלע אַרויס אַ זיפץ פון איר ברוסט: אַ זיפץ, וואָס זאָגט אַ סך... ווארום אין גרונט איז זי דאָך איצט אַ הילפלאָזע, אומגליקלעכע פרוי... אַ פאַרמאַטערטע, אַן אויסגעצערטע פון איר מאַנס לאַנגער קראַנקייט — איז זי איצט נאָך, מסתמא, געבליבן אויך אָן מיטלען...

— זייט איר כאָטש מאַטעריעל באַזאָרגט?

— נישט אַזוי גלענצנד... — ענטפערט זי מיט אַ זיפץ, — ב'וועל זיך איצט מוזן אַליין איינשפּאַנען אין לעבנס־יאָך...

— יאָ, יאָ, דאָס לעבן איז אין גרונט נישט קיין שפּילעכל.

— אָבער לאָמיר עס איצט איבערלאָזן... איר וועט אפשר טרינקען טיי? אַ יאָ?

— איך דאַנק.

— יאָ, איר וועט טרינקען, איך בעט אייך.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און, אַנטשולדיקנדיק זיך, איז זי אַרויס אויף אַ ווײַל פון צימער.

ביי איר נישט־זיין האָט זיך פרעגמאַן גענומען אַרומקוקן, ווי געווײַנלעך, בעת מ'בלייבט אַליין אין אַ פרעמד, אומבאַקאַנט הויז. זיינע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט איבער בילדער און פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט. אויף איין פאָטאָגראַפיע האָט ער זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט: זי, פרוי קריין. זי איז דאָ פאָטאָגראַפירט מיט עמעס אַן עלעגאַנטן יונגנמאַן. ווער זאָל ער זיין? מסתמא איר מאַן... עפּעס אַ געפיל פון רחמנות דערוועקט ער צו זיך... דוכט זיך, מיט טרויער קוקט ער פון בילד אַראָפּ... „ווי טראַגיש — קלערט פרעגמאַן — איז דער גורל פון מענטשלעכן לעבן! יענער ליגט זינט אַ פּאָר טעג אין קבר, און זי, זיין פרוי — זי גייט איצט אויפנעמען אַ גאַסט מיט טיי... פוי, עקלהאַפט איז דאָס לעבן!"...

פרוי קריין איז צוריק אַריינגעקומען מיט אַן אומעטיק שמייכל:

— באַלד וועט זיין טיי.

— איך האָב אייך דאָ דערקענט... — ווייזט פרעגמאַן אויף דער פאָטאָגראַפיע.

— יאָ, דאָס בין איך פאַר מיין חתונה.

— און דער איז...

— מיין מאַן אַלס חתן... — זאָגט זי אַרוים מיט אַ באַזונדער שטילן טאָן און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

ס'איז אַריינגעקומען די דינסט מיט צוויי גלעזער טיי און מיט קרעם־קיכלעך.

— טרינקט, הער פרעגמאַן! — לייגט פאַר פרוי קריין און נעמט אַליין אויך איר טיי.

זי זעצט זיך מיט איר גלאָז טיי צוריק אויפן דיוואַן.

פרעגמאַן האָט פאַמעלעך, מיט גרויסע הפסקות, געטרונקען און גערעדט, און טרינקענדיק און רײדנדיק, האָט ער אַלע ווײַלע זײַנע בליקן געשיקט אַהין, קעגנאיבער צו דער וואַנט — צו דער פאָטאָגראַפיע פון חתן־כּלה...

פרוי קריין האָט עס באַמערקט און דערפילט זיך אומבאַקוועם.

— אינטערעסירט אייך דען אַזוי די אויפנאַמע?... — פרעגט זי, — אַ גאַנץ געוויינלעכע פאָטאָגראַפיע...

פרעגמאַן האָט געפילט, אַז נישט דאָס, וואָס זי זאָגט, מיינט זי... אַז דאָס וויל זי אַפּריסן זיין אויפמערקזאַמקייט פונם בילד, ווו נישט זי אַליין געפינט זיך...

— גוט, וועל איך קוקן אויפן אָריגינאַל... — שפּאַסט ער קינסטלעך.

ער באַקוקט זי כּלומרשט אין שפּאַס, אָבער זען זעט ער זי אויף אַן אמת. ער זעט די שטאַרקע ענדערונג אין איר. ווי מאָגער זי איז געוואָרן! די הענט, די פינגער, דאָס געזיכט. די אויגן זיינען עטוואָס איינגעזונקען אין שאַרבן און אויפן שטערן שניידן זיך דינע קנייטשעלעך. דערצו זיינען אירע ברעמען איצט נישט געשנירלט מיט קיין קויל־שטיפט און די ליפּן נישט צוגעשמינקט — אַזוי אַז זיי זעען אויס צו בלאַס, נישט זאַפטיק און שפּריצן נישט מיט לעבן... אַזוי זעען אויס ליפּן ביי קרענקלעכע, בלוט־אָרעמע פרויען. איז עס מעגלעך אַזאַ ראַשע ענדערונג אין אַזאַ קורצער צייט?

כאָטש פרוי קריין רעדט כּסדר מיט אַ שמייכעלע, פונדעסטוועגן פילט ער, אַז דאָס איז נישט־נאַטירלעך. ג ע מ אַ כ ט!... פון אירע אויגן — מעגן זיי שמייכלען — קוקט אַרויס אַ טיפער טרויער, טיף ווי אַ פינסטערער תהום... דערצו נאָך איר שוואַרץ קלייד — דאָס מאַכט זי נאָך טרויעריקער, מרה שחורהדיקער. פרעגמאַן זעט באַשיינפערלעך, אַז פאַר אים זיצט אַ פרוי שוין אָן מוט, אָן שוווּנג, אָן פליגל — — — און דאָס איז דאָך די זעלביקע פרוי, וואָס האָט אים וואָכן־לאַנג דעם פאַרגאַנגענעם זומער אין אַזאַ שפּאַנונג געהאַלטן! — — — —

— וואָס קוקט איר מיך אַן אַזוי ? — פּרוווט זי אים איבעררייסן זיינע רעיונות, וואָס זי פּילט אַרוים מיט אַלע אירע חושים.

— גאָרנישט... איך טראַכט... איך טראַכט, אַז דאָס לעבן איז קיין פּולווער־שאָס ניט ווערט...

— ווי קומט איר אַזוינס ריידן ? פּאַרקערט, איר האָט דאָך מ י ר געדאַרפט צוגעבן מוט...

אַ דריקנדיק שווייגן.

אין אַ ווײַלע אַרום רופט זי זיך אָפּ, כדי איבערצורייסן דאָס נישט־אָנגענעמע שווייגעניש און — דער עיקר — כדי אים געבן צו פילן, אַז גראָד זי אַליין פּילט זיך נישט אַזוי נעבעכדיק ווי ער קאָן מיינען:

— צי כ'וועל איצט פאָרן אין די בערג ווייס איך נישט; אָבער זומער... זומער וועל איך דאָרט זיכער זיין... טאָקע דאָרט אין דער ווילע „צוויי רויזן"... איך פּיל, אַז דאָרט וועל איך ווידער אויפלעבן...

מיט די לעצטע ווערטער האָט זי אים ווי געוואָלט פאַרזיכערן, אַז זי קאָן נאָך זיין אַן אַנדערע ווי איצט... אַז זי קאָן נאָך זיין ווי דאַמאָלס...

פרעגמאַן האָט עס אַרויסגעפּילט און געשוויגן. אומעטיק געשוויגן. כאָטש אין גרונט איז עס אמת, וואָס זי זאָגט: זי קאָן נאָך זיכער צוריק אויפבליען... זי איז נאָך גענוג יונג... אָבער הערן אַזעלכע ווערטער פון א י ר מויל — דאָס גופא מאַכט זי נאָך מער געבראָכן ווי זי איז... אַ מין קנייפּן זיך אַליין אין באַק, אַז די פאַרב זאָל שטיין...

אַגב האָט עס אים שאַקירט, וואָס זי רעדט שוין אַזוי לייכט איצט וועגן „ווידער אויפלעבן", בעת י ע נ ע ם, מיט וועמען זי איז דאָ אויף איין פאָטאָגראַפיע אַלס חתן־כלה, האָט נאָך די ערד נישט באַוויזן אָפּצוקילן... כאָטש אין גרונט געגומען פאַרשטייט ער אַליין נישט פאַר־וואָס עס אַרט אים אַזוי איצט די עוולה לגבי י ע נ ע ם ? פאַרוואָס האָט ער דאַמאָלס, אין די בערג, נישט געטראַכט וועגן י ע נ ע ם ?... דאַמאָלס, ווען יענער האָט נאָך געלעבט און געקאָנט פילן אַן עוולה ?...

— נו, און איר ?... — פרעגט זי אין אַ ווײַלע אַרום — אפשר וועט איר דאָרט אויך זיין ?... דאָרט אין די „צוויי רויזן"?...

— אפשר... אפשר יאָ...

פרעגמאַן האָט פון אירע ווערטער קלאָר אַלץ אַרויסגעלייענט. אַ דערשלאָגענע, אַ הילפלאָזע, אָן אַן אויסוועג — קלערט זי, אַז אפשר ער, פרעגמאַן, וועט זיין איר א ו י ס וו ע ג... איר רעטונגס־ברעט אין ביזן לעבנס־ים... ניין ! ניין ! ניין ! —רעדט ער צו איר אין געדאַנק, — דאָרט אין די בערג ביסטו געווען אַן אַנדערע... כ'האָב נישט געקענט

דיין היים... כ'האָב נישט געקענט דיין גורל... דאָרט ביסטו געווען פאַר מיר ווי אַ ווייטע, ווי אַן אויסגעחלומטע... ביסט געווען פאַר מיר די געזוכטע פרייד... נאָך מיין גרויען, וואָכעדיקן יאָר אין דער גרויסער שטאָט ביסטו געווען די, וואָס האָט מיר געגעבן אַ נייע פאַרב, אַ פרישן טאָן, אַ יום־טובדיקייט... איצט אָבער, אַז איך זע דיך אָן אַ שלייער... אַז איך זע דיך אין דיין טרויעריקער וואָר...

— מאָרגן רעכן איך שוין אַרויסגיין אַ ביסל אין גאַס. וועט איר מיר אפשר ווייזן אייער שטאָט? — פרעגט זי.

— מאָרגן?... — קווענקלט ער, — כ'בין דאָך אַ מענטש פון פליכטן...

— איז אין אָוונט...

— אין אָוונט... המ... המ... אָבער... אָבער... מיין פרוי קאָן זיך דער־ווּיסן און זיין אייפערזיכטיק...

— אייער פרוי?!... — שטעלט זי אויס אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן.

— איר האָט דען אַ פרוי?...

— שטעלט אייך פאָר, אַז יאָ. כ'האָב עס אייך דאַמאָלס נישט גע־זאָגט, ווייל... איר געדענקט? ס'איז אייער פאָרשלאָג געווען: נישט איך אייך, נישט איר מיר זאָלט דערציילן פון דער היים...

— יאָ, איך דערמאָן זיך... — רעדט זי שטיל אַרויס.

פרעגמאַן פילט, אַז זיין אַנטפּלעקונג האָט זי שטאַרק אַנטוישט. אָבער גוט, וואָס ער האָט עס איר געזאָגט: ס'איז דער איינציקער און בעסטער אויסוועג.

— און איר האָט דען געמיינט, אַז איך בין נאָך אַ בחור?... — פרעגט ער „דיפּלאָמאַטיש".

— כ'האָב געמיינט... — באַמיט זי זיך אַ שמייכל צו טאָן. — אי־בעריקנס — גיט זי צו שוין מיט אומגעצוימטער ערנסטקייט אין טאָן, — און אַז מ'האָט שוין אַ פרוי, דאַרף מען מורא האָבן פאַר איר איי־פערזוכט?... איך בין צו מיין מאַן נישט געווען אַזאַ...

— יאָ, יאָ... — שטאַמלט ער — איר זייט טאַקע גערעכט. אָבער צו וואָס די פאַמיליען־סצענעס?...

— דאָס הייסט, איר זייט אַ ביסל אונטערן ווייבס פּאַנטאָפל?... זאָגט, זאָגט, שעמט זיך נישט... כ'האָב אייך נישט געהאַלטן פאַר אַזאַ...

אין איר לעצטער באַמערקונג האָט שוין פרעגמאַן געשפּירט אַ דייט־לעכן פאַרוואָרף — אַ פאַרוואָרף, וואָס קומט פון פאַרדרוס און אַנטוישונג.

כאָטש אין גרונט איז דער דאָזיקער פאַרוואָרף נישט קיין באַרעכ־טיקטער, ווייל, אדרבה, פרעגמאַן איז גאָרנישט אַזאַ „צדיק" לגבי זיין

פרוי, ווי זי מיינט... נישט איינמאָל זיינען שוין פאַרגעקומען צווישן אים און זיין פרוי אייפערזוכט־סצענעס... אָבער ער וועט זיך פאַר פרוי קריין נישט גיין איצט פאַרענטפערן: גלייכער זאָל זי זיך האַלטן ביי איר מיינונג וועגן אים... פאַרפאַלן, ער מוז דאָך ברענגען אַ געוויסן „קרבן"...

דער שמועס האָט זיך שוין ווייטער נישט געקלעפּט.ביידע זיינען געוואָרן קאַרג אויף ווערטער. די יונגע אַלמנה אין שוואַרצן קלייד האָט שוין ווייניקער געמאַכט אָנשטרענגונגען צו מאַסקירן איר טרויער און ווייזן אַ שמייכל...

דער זייגער איז שוין געווען עלף. פרעגמאַן האָט זיך אויפגעהויבן אוועקצוגיין:

— שוין צייט!

— וואָס־זשע איילט איר זיך?

— איר פאַרבלייבט נאָך דאָ לאַנג אין אונזער שטאָט?

— נאָך אַ צוויי־דריי טעג. קומט אַרויף, הער פרעגמאַן! — זאָגט זי מיט אָפיציעלקייט אין טאָן.

— כ'וועל קומען, כ'וועל קומען... — האָט ער אַרויסגעמורמלט פון העפלעכקייט־וועגן.

ביים אוועקגיין האָט ער מיט איבערטריבנקייט זיך טיף פאַרנייגט און איר האַנט אַ קוש געטאָן.

פרעגמאַן איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פאַרדרוס אויף זיך אַליין: צו־וואָס? צו־וואָס איז ער געגאַנגען צום ט ר ו י ע ר?... צו־וואָס האָט ער אַליין פאַרפינסטערט אַזאַ שיינע, ליכטיקע דערינערונג פון די בערג? — — —

ער איז געגאַנגען איבער גאַסן מיט אַ געפיל, ווי ביי אים אין האַרץ וואָלט עמיץ געשטאָרבן, און אין נשמה איז געבליבן אַ גרויסע, שווערע ליידיקייט — — —

וואַרשע 1933

# די דאַמע פֿון קופּע

## (וואָס מײַן פֿרײַנט האָט דערציילט)

דער צוג האָט זיך געטראָגן דורך האַרבסטיקן חושך פֿון אַ סוף־סעפּ־טעמבער־נאַכט.

כ׳בין געזעסן איינער אַליין אין גערוימען קופּע פֿון צווייטער קלאַס. דער טונקעלער פֿאָרהאַנג ביי דער טיר פֿאַרהאַנגען, די טיר פֿאַרריגלט, אַזוי אַז כ׳האָב זיך געפֿילט אינגאַנצן אָפּגעשלאָסן און איינזאַם.

כ׳האָב שטום אַרויסגעקוקט דורך דאָס ברייטע אָפֿענע פֿענסטער. איך ווייס, אַז דאָ דאַרף זיין אַ הערלעכע באַרגיקע געגנט, פּרעכטיקע פּייזאַזשן; אָבער געזען האָב איך גאָרנישט, אָפּילו קיין קאָנטורן נישט פֿון בערג. בלויז נאַכט. בלינדע, שוואַרצע נאַכט.

— פּלוצלונג — אַ פֿייף פֿונם לאָקאָמאָטיוו, אַ לאַנגער מאָנאָטאָנער פֿייף, ווי אַ טרויעריקער סיגנאַל פֿון אומגליק.

אַ קליינע באַן־סטאַציע. פּאָר אַ קליינעם קאַרג־באַלויכטענעם ווייסן וואָקזאַל באַוועגן זיך איילנדיק שאָטנס פֿון געצײַלטע מענטשן: אַ פּאָר פּאַסאַזשירן און עטלעכע באַן־באַאַמטע. פֿון דער ווייסער געביידע שרייען אַראָפּ שוואַרצע בוכשטאַבן — אַ נאָמען פֿון אַ באַקאַנטן באַרג־קוראָרט.

אַ קלאַפּ אין מיין פֿאַרריגלטער טיר.

איך ציִ אָוועק אָן אַ זייט דעם פֿאָרהאַנג, ריגל־אָפּ און עס שאַרט זיך אַריין אין קופּע אַ באַן־טרעגער מיט צוויי שוואַרץ־גלאַנציקע, פֿיינע וואַ־ליזעס און אַ לענגלעכן פּעקל, איינגעהילט אין אַ ברוינעם האָריקן קאָץ. אַרומגענומען סימעטריש מיט אַ געלן רימענעם פּאַסעק. נאָך אים קומט אַריין, צוערשט ווי נישט דרייסט, אַ יונגע דאַמע, אָנגעטאָן אין אַ גרוי־ען האַרבסט־מאַנטל און אַ קליין פֿלאַך היטעלע אויף איין זייט קאָפּ. אין איין האַנט האָט די דאַמע געהאַלטן אַ קליין רייזע־טעשל און אין דער אַנדערער אַ בלומען־בוקעט, פֿרישע לעבעדיקע רויזן. די רויזן האָט זי אַנידערגעלייגט אויפֿן טישל ביים פֿענסטער — אַזוי אַז אויך צו מיר

האט א שלאג געטאן זייער דופט. זי האט ווי צופעליק האלב א קוק געטאן אויף מיר און אפילו נישט געגריסט ביים אריינקומען.

דער טרעגער האט אין־דער־גיך ארויפגעשטעלט די וואליזעס אין דער הויך, שנעל א נעם געטאן פון איר האנט דעם האנאראר זיינעם, פארנייגט זיך טיף און איז ארויס.

דער צוג האט ווייטער געריירט אין וועג אריין. דער ווייסער וואקזאל איז פארשוואונדן געווארן און מיר זענען ווידער אריין אין דער ממשלה פון שווארצער נאכט.

די דאמע האט אראפגענומען פון זיך דעם מאנטל און זיך אנידערגעזעצט קעגנאיבער מיר ביים פענסטער. זי איז געזעסן שטייף, אנגעצויגן, אין היטעלע און הענטשקעס, און ווי מיר האט זיך תיכף אויסגעוויזן, געמיט זיך נישט צו טרעפן־זיך מיט מיינע בליקן. זי האט באלד ארויסגענומען פונם רייזע־טעשל, וואס נעבן איר אויף דער פלושענער באנק, עפעס אן אילוסטרירטן זשורנאל און געגומען אהין אריינקוקן.

איך האב פון איר די אויגן נישט אראפגענומען. וואס מער זי האט אויסגעמיטן מיינע בליקן, אלץ מער האב איך מיינע אין איר איינגעגעסן.

זי האט אויסגעזען א ביסל עקסטראוואגאנט: א בלאסלעך געזיכט, טונקעלע, פלעמלדיקע אויגן אונטער צוגעשווארצטע, לאנגע, קינסטלעך־אויסגעצויגענע וויעס. פעט־געשמינקטע ליפן. דינע, שווארצע ברעמען אין א סובטעלן בויגן. געדיכטע פלאטין־האר, פארענדיקט מיט באהנטע לאקנדלעך, וועלכע האבן דערגרייכט קוים אירע אקסלען.

ווער קאן זי זיין? א טאכטער פון אדעל? אוודאי פון יחוסדיקן שטאם! עס ווייעט פון איר מיט איידלקייט, מיט נישט־געוויינלעכער מאנירלעכקייט.

עס האבן מיך אין די ערשטע רגעם געצארט א סך קשיות: ערשטנס, פארוואס איז זי אזוי בלאס? זי פארט דאך, זע איך, פון א קורארט — טא פארוואס האט די זון זי (אדער זי די זון...) אזוי באוואלהט?... צווייטנס, פארוואס לייענט זי אזוי לאנג דעם אילוסטרירטן זשורנאל? דארט איז דאך כמעט קיין טעקסט נישטא — בלויז בילדער און בילדער און קורצע צושריפטן צו די בילדער. דריטנס, פארוואס זיצט זי אין הוט און הענטשקעס? און פערטנס — און דאס איז דער עיקר — פארוואס קוקט זי נישט אין מיין זייט אזוי לאנג?...

איך האב געטראכט וועגן איר פארשיידנס, געמאכט איין השערה נאך דער אנדערער.

אבער דאס כסדרדיקע שווייגעניש אין דער אנוועזנהייט פון נאך א מענטש איז א לאסט אפילו פאר ווייניק ריידעוודיקע. על־כל־פנים מוז מען

זיך דאָך טוישן מיט אַ פּאָר ווערטער כאָטש פון יוצא־וועגן, כאָטש פון קורטואַזיע־וועגן!

און די דאַזיקע לאַסט האָט זיך געלייגט אויף מיר ווי אַ באַרג. און איך וווּנדער זיך: ווי קאָן זי דאָס אַזוי לאַנג אויסהאַלטן? מילא, איך... איך קוק כאָטש אויף איר... און זי — זי איז נאָך דערצו אַפּגעהיט נישט אַ בליק צו טאָן, חלילה...

עס האָט מיך אַזש אָנגעהויבן צו פאַרדריסן אויף איר. כ'האָב זי אין דער מחשבה פאַרגעוואָרפן אַזש נישט־קולטורעלקייט.

און, פאַרשטייט זיך, דער ערשטער, וואָס האָט טאַקע נישט אויסגעהאַלטן, בין אַ י ך געווען.

איך האָב אויסגענוצט אַ גינסטיקע געלעגנהייט: פאַרן פענסטער האָט געגומען פליען מיט אימפּעט אַ האַגל פונקען.

— ס'אַרא הערלעך פייערווערק! — האָב איך אויסגערופן, קוקנדיק עקשנותדיק אויף מיין שטומען „וויז־אַ־ווי", ווי בעת אַ היפּנאָטיזירונגס־סעאַנס, וועלנדיק פאַר יעדן פּרייז אַרויסרופן איר בליק.

און כ'האָב אויסגעפירט:

זי האָט באַוויליקט דעם קאָפּ אויפצוהויבן, אַ קורצן בליק געטאָן צו מיר, אַ לענגערן צום אָפּענעם פענסטער.

— טאַקע אַ פּרעכטיק פייערווערק, — האָט זי באַשטעטיקט, שוין מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל.

און באַלד גיט זי צו:

— כ'האָב מורא, דאָס דאַזיקע פייערווערק זאָל צו אונדז אין קופּע נישט אַריינדרינגען. דאָס איז נאָר שיין פון דערווייטנס...

— זאָל איך אפשר דאָס פענסטער פאַרמאַכן? — פרעג איך.

— כ'וואָלט אייך טאַקע געבעטן. אַגב, איז אַ ביסל קיל.

כ'האָב זיך ריטערלעך אַ הויב אויף געטאָן און פעסט אַרויפגעצויגן די ברייטע פענסטער־שויב.

— האָט איר דאָך געקאָנט באַלד זאָגן, אַז עס איז צו־קיל... וואָלט איך באַלד פאַרמאַכט... — האָב איך צו איר נאָכדעם גערעדט מיט אַ „פּרעטענזיע".

— כ'האָב עס ערשט דערפילט... — האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט.

און ווידער אַ פּויזע. זי בלעטערט ווייטער דעם אילוסטרירטן זשור־נאַל.

דאָס אייז, הייסט עס, איז געבראָכן... איצט דאַרף איך שוין נישט קיין געלעגנהייטן ווייטער צו ריידן.

איך וואַרף אַ בליק צום פענסטער. די פונקען, וואָס עס שפּייט פון

זיך דער לאַקאַמאַטיוו, זעען זיך שוין נישט. דער ווינט טראָגט זיי, אפּנים, איצט אין אַן אַנדער זייט.

— אַ שאָד... — הויבט איך ווייטער אָן צו ריידן, ווי גייענדיק אויף אַ גליטשיקן וועג, — אַ שאָד, וואָס מ׳קאָן דאָ נישט זען די שיינע בערג־פּייזאַזשן...

זי האָט תיכף געענטפערט מיט אַ בליק צו מיר און צום פענסטער און קורץ אַרויסגעמורמלט:

— נאַכט...

— נו, יאָ... נאַכט... אָבער אַ שאָד... פאַר אַ מענטש פון שטאָט איז עס אַ גרויסער פאַרלוסט... — האָב איך געזאָגט „פילאָזאָפירנדיק".

— נישט אַלע זיינען דערויף פילבאַר, — באַמערקט זי.

— נו, יאָ, נישט אַלע, — כאַפּ איך זיך אָן צופרידן אַז אירע ווערטער. — פאַרשטייט זיך, נישט אַלע. פאַראַן מענטשן פּראָזאַאישע, טרוקענע, וואָס די שטאָט האָט זיי אינגאַנצן בלינד געמאַכט פאַר דער שיינקייט פון נאַטור.

— און איר, — וואָג איך אין אַ ווײַלע אַרום — זייט געבוירן אין דער גרויסער שטאָט?

— צו וואָס טויג אייך דער פּרט?... — פרעגט זי מיט אַ שמייכל.

— סתם אַזוי... ווייל מענטשן, וואָס זיינען געבוירן אין שוים פון דער נאַטור, זיינען אַנדערע: מעגן זיי פאַרברענגען שפּעטער זייערע יאָרן צווישן מויערן פון שטאָט — לעבט אָבער דאָך אין זייער נשמה אַן אייביקע בענקשאַפט צו דער נאַטור.

— אפשר... אָבער קיין כלל קאָן עס נישט זיין. אָט בין איך געבוירן אין דער גרויסער שטאָט און פאַרמאָג, דוכט זיך, יאָ סענטימענטן פאַר דער נאַטור. אָט בין איך אָפּגעזעסן זעקס וואָכן צייט אין אַ קליינעם, אָבער פּרעכטיקן קוראָרט. כ׳האָב געהאַט דיזעלבע געלעגנהייט צו פאַרברענגען ערגעץ אַנדערש, וווּ ס׳איז רוישיק און טומלדיק. אָבער כ׳האָב אויסגעוויילט — די נאַטור.

— און ס׳האָט אייך גאָרנישט געצויגן צום קאַפע? צום דאַנסינג?...

— דאָס האָב איך גענוג אין שטאָט.

— טאָ פאַרוואָס איז אַזוי ווייניק זון אויף אייער געזיכט?

— ליידער... איך באַקום אויף דער זון קאָפּ־שווינדל.

— און איך האָב געמיינט, קוקנדיק אויף אייך, אַז איר זייט בלאַס דערפאַר, ווייל ביז צוויי ביינאַכט פלעגט איר פאַרברענגען אין דאַנסינג און פאַרשלאָפן צו־מאָרגנס די זון...

— אָ, ניין. צען אין אָוונט פלעג איך שוין ליגן אין בעט.

— צען, זעט איר, איז שוין צו־פרי... מען דאַרף נישט איבערטרייבן. אויב נישט דאַנסינגס, קאָנען זיין שיינע שפּאַצירן.
— כ׳האָב גענוג שפּאַצירט בייטאָג...
— ביינאַכט איז דער שפּאַציר מער ראָמאַנטיש...
— כ׳קאָן זיך באַגיין אָן דער לבנה...
— איך מיין נישט דווקא די לבנה. כ׳מיין לעבעדיקע מענטשן... יונגעלייט...
— עט... — האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.
— וואָס הייסט ? — לאָז איך נישט אָפּ, — שוין אַזוי גיך ?... רע־זיגנאַציע ?...
— רופט עס ווי איר ווילט.
— אָבער אַזאַ יונג... מיידל ? — האָב איך מיט אַ כיוון אַקצענטירט דאָס וואָרט „מיידל“, נישט האָבנדיק קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן איר, ווער און וואָס זי איז.
— נישט קיין מיידל, נאָר אַ גרושה.
— אָך, אַזוי גאָר ? זייט איר שוין, הייסט עס, גענוג רייך אין דער־פאַרונגען...
— ליידער...
— אָבער דאַך... איר זייט דאָך אַזוי יונג...
— ס׳איז מיר קיינער נישט נויטיק, נאָר — רו !
— אָבער איר זייט צו־שיין, מ׳זאָל אייך לאָזן רוען...
זי האָט געשוויגן.
— „הייסט עס — אַ פרוי מיט אַ „פאַרגאַנגענהייט“, — טראַכט איך, — אינטערעסאַנט !“
— ווי לאַנג האָט איר געלעבט מיט אייער מאַן ?
— דריי יאָר.
— אַזוי יונג חתונה געהאַט ?
— ליידער...
— און איר האָט גענוג מוט געהאַט איבערצורייסן ?
— אַז כ׳האָב זיך אַנטוישט — האָב איך איבערגעריסן...
ס׳האָט מיך אינטריגירט די פראַגע : „פאַרוואָס?“, אָבער ס׳איז נאָך צו פרי געווען צו שטעלן אַזאַ אינטימע פראַגע.
— לעבט איר זעלבשטענדיק ?
— געוויס. איך אַרבעט אין אַן אינסטיטוציע און לעב מיר זעלב־שטענדיק. איך דאַרף קיינעם נישט און באַגער קיינעם נישט.
— נו־נו ! נישט אויף לאַנג...

— איר מיינט אזוי?...

— אומבאדינגט!

— איך ווייס נישט... איך בין ביי זיך פעסט אנטשלאסן: וואס ווייטער פון מענער!

— אזוי אנטוישט זייט איר?

— אזוי אנטוישט.

— אבער נאר אין א יי ע ר מאן... אפשר וואלטן אייך א נ ד ע ר ע נישט אנטוישט?

— אלע מענער זיינען פון איין טייג געקנאטן... אין אלע לעבט נאך דער ווילן צו הערשן איבער דער פרוי, ווי איבער א נידעריקער באשעפעניש. מעג דער מאן זיין ווי אינטעליגענט — טראקטירט ער דאך די פרוי ווי א מינדערווערטיקערע פון זיך, ווי א שקלאף. ער אליין מעג אפטאן אלע געמיינקייטן און זי מוז זיין א מלאך...

די דאזיקע טענות זיינען אין גרונט נישט קיין נייס; אבער זי האט עס באזונדערס אקצענטירט, ווי פון א בוך ארויסגעלייענט: דער אלטער, דער אמתדיקער באשולדיקונגס־אקט קעגן דער וועלט פון מענער... אבער אינטערעסאנט: אויף וועלכן באדן האט ז י איבערגעריסן מיט איר מאן? איז ער טאקע געווען דער יעניקער, וואס איז באגאנגען „געמיינקייטן", פאררראטן זי אויף לינקס און אויף רעכטס און פון איר געפאדערט, זי זאל „זיין א מלאך", און — זי איז עס נישט געווען?... ס'וואלט כדאי געווען צוצוגיין א ביסל נענטער צו איר לעבן!

זי האט א קוק געטאן אויף איר האנט־זייגערל און גענומען פאמעלעך אראפציען די הענטשקעס, וואס זי האט די גאנצע צייט געטראגן. עס האבן זיך אנטפלעקט ווייסע דעליקאטע הענטלעך, דינע צארטע פינגער מיט ראז־גלאנציקע, פיין־אויסמאניקירטע נעגל. דאן האט זי מיט די נאקעטע הענטלעך אראפגענומען אויך דאס היטעלע פון קאפ. זי איז געווארן ווי היימישער אין מיינע אויגן, נישט אזוי אנגעצויגן, ווי די גאנצע צייט. א נאטירלעך מענטשלעך פנים פון א פרוי, מיט אויגן, וואס קוקן נאטירלעך־אפן, מיט ליפן, וואס באוועגן זיך לייכט צו א שמייכל.

איך האב נאך מער מוט געקריגן.

— אייגנטלעך, ווי מאדנע, — זאג איך, — מיר רעדן שוין א היפשע צייט און זיינען נאך נישט באקאנט...

איך האב זיך אויפגעהויבן פון מיין ארט, מעשה־דזשענטעלמען, פארנייגט זיך און אויסגעשטרעקט מיין האנט:

— איר וועט דערלויבן... מיין נאמען איז...

זי האט מיין האנט נישט געלאזט הענגען פארשעמט אין דער לופטן...

זי האט תיכף דערלאנגט מיט א שמייכל איר צארט הענטל און שטיל א מורמל געטאן, וואס כ'האב נישט געהערט.

„די העכסטע צייט"... — האב איך ביי זיך געטראכט.

דאס געשפרעך איז דאן אוועק אויף אנדערע רעלסן — לייכטערע, פרייערע. איך האב איר דערציילט וועגן מיינע פרייע טעג אין מיין קור־ארט, זי מיר — אמת, א ביסל קארגלעך — וועגן אירע בערג. איך האב מיט א כיוון נישט געקארגט קיין פרטים, ווילנדיק אזוי־ארום צעשטערן די קאלטע וואנט פון פרעמדקייט צווישן אונז. איך ווייס נישט פאר־וואס, נאר מיר האט זיך שטארק געגלוסט אין די רגעס צו ווערן היימיש מיט דער דאזיקער פרעמדער. דאס איז שוין מחמת דעם שטענדיקן, דעם אייביקן באגער ארייננצודרינגען אין אומבאקאנטע וועלטן. די היימישע סביבה ווערט דאך סוף־כל־סוף וואכעדיק, גרוי, און מינדסטן רייץ — ציט דערפאר תמיד דאס פרעמדע, דאס פארשלייערטע... ווער ווייסט, אפשר אונטער די שלייערן פון פרעמדקייט צויבערט א שענערע, א הע־בערע נשמה? — — —

אבער זי — זי האט זיך אלץ געהאלטן אין געוויסן רעזערוו. מיט פרטים האט זי געקארגט.

און כ'האב זיך געפרעגט אין געדאנק: איז זי בטבע אזא נישט ריידעוודיקע, אדער זי באציט זיך צו מיר ווי צו סתם א צופעליקן, פרעמדן אין א קופע? זי איז דאך סוף־כל־סוף א פרוי, און א פרוי מוז אייביק געדענקען אן גרענעצן...

„אבער דאס זיינען דאך קאנווענאנסן!" — האב איך זיך מיט זיך אליין געקריגט אין דער מחשבה. און איך ווייס נישט פארוואס: ס'האט זיך מיר שטארק געגלוסט, אז זי זאל זיין אן אנדערע, איינגאנצן אן אנ־דערע... אז זי דארף זיך נישט רעכענען מיט קיין קאנווענאנסן!... איר אויסזען איז דורכאויס נישט ווי פון א דורכשניטלעכער פרוי, אירע אויגן פארמאגן טיפקייט, רעטעניש — פארוואס זאל אויך איר האלטונג נישט זיין ווי פון א נישט־דורכשניטלעכער?

זי איז באשטימט נישט קיין דורכשניטלעכע פרוי! — באשלים איך מיט פעסטקייט אין געדאנק. אט דער קארגער פרט פון איר לעבן, וועלכן איך ווייס שוין יא — דאס, וואס זי איז אוועק פון איר מאן — דאס זאגט א סך. א דורכשניטלעכע פרוי וועט עס נישט זיין ביכולת צו באוויזן. א דורכשניטלעכע פרוי טראגט דעם יאך פון דערנידערונג ווי א ווייסע שקלאפין — — —

זי האט ווידער א קוק געטאן צו איר האנט־זייגערל, האט זיך אויפ־געשטעלט און פארמאסטן־זיך אראפצונעמען די אויבערשטע וואליזע.

איך האָב זיך תיכּף אויפגעהויבן און פאַרלאָפן איר דעם וועג.

— כ'קאָן נישט דערלאַנגען, — האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט, וואָס זי לאָזט זיך פון מיר באַדינען.

— דערצו זיינען מיר דאָך באַשאַפן געוואָרן, מיר זאָלן אייך אַרויס־העלפן, — האָב איך באַמערקט.

— יאָ, יאָ, אַרויסהעלפן, אָדער שווערער מאַכן... — האָט זי געזאָגט מיט אַנצוהערעניש.

זי האָט עפּעס אַרויסגענומען פון איר וואַליזע און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון קופּע. עס איז שווער געווען צו עפענען און כ'האָב איר ווי־דער אַ צופרידענער געדינט מיט מיין הילף.

ווי דינסטפאַרטיק, ווי צערטלעך איז מען עס אין אַזעלכע רגעס צו דער פרוי! ווי אַפּפערווויליק! דער גרעסטער קרבן, דוכט זיך, איז דאַ־מאָלס נישט צו־שווער.

ס'איז געבליבן נאָך איר אַ דינער, זיסער ווויל־גערוך: צי פון די רויזן אויפן טישל, צי פון דער פריער געעפנטער וואַליזע האָט זיך עס דער ווויל־גערוך געשפרייט, אָדער גאָר פון איר גופא, פון איר יונגווייבלעכ־קייט?...

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי צוריק אַריינגעקומען — אין אַ פּיזשאַמע! אַ שמאָל געפּאַסטע מאַרינאַרקע און ברייטע גראַנאַט־הויזן. דאָס איז זי געגאַנגען אין דער גאַרדעראָב זיך איבערטאָן. אין דער דאַזיקער טואַלעט האָט זי אויסגעזען אַ ביסל ווינטיק־לייכט, ווי אַן אַמאַזאָנקע. ווען אירע אויגן וואָלטן אָבער נישט געבליבן ביי זייער פריערדיקער ערנסטקייט, ווען זיי וואָלטן אַ שמייכל געטאָן אַן־סיבהדיק, סתם אַזוי זיך מחמת יוגנט — וואָלט זי אַפילו אויסגעזען ווי אַ שטיפעריש, פאַרשייט מיידל.

זי האָט אַרויסגענומען פון דער וואַליזע אַ בונט קישעלע, זיך איינגע־אָרדנט אַ צוקאָפּנס און זיך פאַרמאַסטן אויפצוהויבן די וואַליזן אין דער הויך, כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט עס נישט באַווייזן. כ'בין, פאַר־שטייט זיך, ווידער פלינק אויפגעשפּרונגען פון מיין אָרט און אויסגעפירט די דאָזיקע ריטערלעכע מיסיע.

— אָ, איך דאַנק...

זי האָט פאַרריגלט די טיר, פאַרצויגן זאָרגזאַם דעם פאָרהאַנג, אַזוי אַז פון קאָרידאָר האָט קיין ליכט־פלעק נישט געקאָנט מער אַריינדרינגען.

„זי באַוואָרנט זיך ווי אין אַ שלאָף־צימער פון אַ פאָר־פאָלק"... — איז ביי מיר דורכגעלאָפן אַ שפּאַסיקער געדאַנק. אין דער אמתן אָבער האָב איך תיכּף געהאַט דעם ריכטיקן טייטש דערפון: דאָס וויל זי, קיין צוגעקומענע פּאַסאַזשירן זאָלן נישט באַמערקן, אַז אין אונזער קופּע איז

אזוי געריים — בלויז צוויי מענטשן! — און זאָלן נישט באַאומרואיקן אין מיטן נאַכט.

זי האָט דאַן אַראָפּגעצויגן איבער איר העלפט פון דער אויבערשטער רונדער לאַמטערן דעם שוואַרצן איבערצוג — אַזוי אַז איר טייל קופּע איז טונקעלער געוואָרן, — האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף דער פּלושענער באַנק און אַרויפגעוואָרפן אויף זיך, ביז איבער דער טאַליע, איר האַרבסט־מאַנטל.

איך פון מיין זייט בין נאָך צוגעגאַנגען צו דער טיר און קאָנטראָלירט דעם ריגל, צי ער איז גוט פאַרמאַכט און דערביי נאָך דעם פאַרהאַנג אַ ביסל בעסער צוגעצויגן — ווי אַ דערגאַנצונג צו איר כוונה... כ'בין בעת־מעשה זיכער געווען, אַז אויך זי מייטשט עס נישט אויס שלעכט...

איך בין נאָך געבליבן זיצן אין מיין באַלויכטענער העלפט און גע־קוקט צו איר אין דער האַלב־טונקלקייט.

— איר זעט אויס איצט מאָדנע בלאַס! — זאָג איך.

— דאָס איז מחמת טונקלקייט... איבעריקנס, אויך אין דער ליכטי־קייט איז נישט קיין סך אַנדערש...

— אַז איר חברט זיך נישט מיט דער זון...

— דערפאַר זייט אַ י ר זייער פיין אָפּגעברענט.

כ'בין צופרידן, וואָס זי זאָגט עפּעס אויך אויף מ יי ן אַדרעס: נישט קיין קליינע דערגרייכונג!...

מינוטן גייען אַוועק אָן ווערטער. זי קוקט מיט אָפענע אויגן און שלאָפט נישט. צום ברייטן פענסטער טוליעט זיך בלינדע טרויעריקע פינ־סטערניש. עס רוישן רעדער אונטער אונז, אָבער קיין באַוועגונג פילט זיך נישט. לסוף ווערט מיר דערעסן דאָס זיצן איינער אַליין, האָב איך אַראָפּגעצויגן דעם איבערצוג אויך איבער מיין העלפט לאַמטערן און כ'האָב זיך אויך אויסגעצויגן אויף דער ווייכער באַנק. אין קופּע איז נאָך טונקעלער געוואָרן. אָבער אין דער טונקלקייט האָב איך דאָך געזען איר געזיכט.

„ווי אַן אמתדיק פאַר־פאָלק!" — לאָך איך ווידער אין געדאַנק.

— עס שלעפערט אייך גאָרנישט? — שיק איך צו איר אַ פראַגע.

— ניין, אין וועג קאָן איך נישט שלאָפן.

— דעריין קאָן איך אייך זיין אַ חבר.

— ווי מאָדנע... — הויב איך אָן אין אַ ווייל"ע אַרום, — ווי מאָדנע זעט עס אויס... צוויי ווילד־פרעמדע מענטשן... „ער" און „זי"... צום ערשטן מאָל זעען זיי זיך... און שוין... פאַרשלאָסן אין אַ צימער... ביידע

ליגן איינער קעגן אַנדערן... נישט אמת, מאַדנע ?...

— איך טראַכט אויך וועגן דעם... טאַקע מאַדנע...

— אָט זעט, ווי לעבערלעך זיינען די קאַנוועגאַנסן... ווי לאַנג וואָלט עס געדאַרפט דויערן געוויינלעך, איידער איר וואָלט זיך אַנטשלאָסן צו נעכטיקן אין איין צימער מיט אַ מאַנסביל... נו, לאָמיר זאָגן אין אַ האָטעל...

— נו, געוויס, געוויס!

— אָט זעט... אָט ליגן מיר זאַלבענאַנד... כמעט ווי אַ פּאַרפּאָלק... און גאָרנישט... די קאַנוועגאַנסן אויף צו־להכעיס... אדרבה, ס'איז קיינעם גאָרנישט אויפּפאַלנדיק...

— נו, יאָ... — שמייכלט זי, — דאָ גילטן נישט די זעלבע כללים... אָט דערנעבן איז אַ ליידיקער קופּע, האָב איך אים גאָרנישט געוואָלט פאַרנעמען. כ'האָב אויסגעקליבן דעם דאָזיקן קופּע, ווו איר זייט געווען, ווייל דאָרט וואָלט איך זיך מורא געהאַט צו ליגן בײַנאַכט...

— אַ שיינער פּאַראַדאָקס! — האָב איך אויסגערופן און ממש געלאַכט, — איר האָט אויסגעוויילט אַ קופּע, ווו עס זיצט אַ פרעמדער מאַנסביל, כדי זיך צו קאָנען צולייגן...

זי האָט זיך אויך צולאַכט.

— נאַטירלעך. נישט אַלע מענער זיינען גלייך... נישט אין אַלעמענס קעגנוואַרט וואָלט איך זיך געלייגט...

— פון וואַנען אייער זיכערקייט ?... אפשר בין איך אַ דעמאָן ? אַ טייוול ?...

— דאָס דערקען איך, אַז נישט...

— צופיל פאַרלאָזט זיך נישט... אָט האָט איר דאָך אַליין דערציילט, אַז איר האָט זיך שוין איין מאָל אַנטוישט אין אייער אייגנעם אויסוואַל.

אפשר האָב איך מיט מיין לעצטער באַמערקונג אַ ביסל אַ צו־טיפע סטרונע אָנגעגריפן; אָבער נישקשה, אויך דאָס האָט זי אָנגענומען מיט אַ שמייכל און געענטפערט:

— יאָ, יאָ... לעבנס־קלוגשאַפט קאָסט טיילמאָל זייער טייער...

— אָבער זייט מיר מודה, — האָב איך געוואָלט לסוף אַרויסבאַקומען איר הסכם, — צי דאַרפן מיר נישט דערקלערן אַ קאַמף אַלע קאַנוועגאַנסן ?

— איר זייט גערעכט. אָבער פאַר פרויען איז עס נישט אַזוי לייכט ווי פאַר מענער.

איך האָב דורכדרינגענדיק געקוקט אויף איר און ס'האָט מיך ממש פאַרדראָסן: וואָס אַ פרוי קאָן! האָט אויסגעוויילט דעם קופּע צוליב

מיר — כדי צו האָבן אַ שוץ אין מיר — און דערשינען איז זי אַ פרעמדע, אַן אַנגעצויגענע, אַ נישט־צוטריטלעכע. ווען איך נעם נישט ריידן און צי זי נישט ביי דער צונג, וואָלטן מיר דאָך אַ גאַנצן וועג אָפּגעשטומט! אומדערהערט!

— איר ווייסט, — פאַרגלוסט זיך מיר איר עס אַרויסצוזאָגן, — אין ערשטן אויגנבליק האָט איר זיך געהאַלטן אַזוי שטייף... כ׳האָב אַזש מורא געהאַט אַ וואָרט אויסריידן צו אייך...

זי האָט געשמייכלט:

— אַזוי בין איך שוין...

— ווען איך וואָלט נישט געוואַגט, וואָלטן מיר דאָך דערשטיקט געוואָרן אונטער דער לאַסט פון שווייגן...

— אַזוי בין איך שוין... — האָט זי איבערגעחזרט דיזעלבע פראַזע.

— איבעריקנס, — האָט זי צוגעגעבן, — אַזוי לייכט ווילט איר זאָל אייך אָנקומען?... די פרויען האָבן צופיל צולאָזן די מענער... ווען די פרוי איז געווען ווייניקער צוטריטלעך, איז איר גורל געווען אַ פיל בעסערער. די פרוי מוז צוריק געווינען איר אַמאָליקע דיסטאַנץ פון מאַן...

— איר זעט גאָר נישט אויס אַזוי קאָנסערוואַטיוו ווי איר רעדט... נו, און די שמינקע אויף אייערע ליפּעלעך, וואָס איר באַנוצט, כדי צו רייצן דעם מאַן?... און די שוואַרץ־געשנירלטע ברעמען?...

— די פרוי דאַרף רייצן דעם מאַן און — אָפּשטויסן!... — ענטפערט זי, שמייכלענדיק פרויאיש.

— רייצן און אָפּשטויסן... — חזר איך איבער איר סענטענץ.

— יאָ, יאָ, געדענקט עס טאַקע: רייצן און אָפּשטויסן...

אַזוי האָבן מיר זיך אַ היפּשע ווײַלע שפּילעוודיק געטויש מיט ווערטער.

— אפשר זייט איר גענייגט איצט צו כאַפּן אַ דרימל? — פרעג איך זי. — זאָגט, וועל איך אויפהערן ריידן צו אייך.

— איך צווייפל, צי מיר וועט עס געלינגען.

— אפשר זייט איר פונדעסטוועגן אַ ביסל אומזיכער... פאַרט אַ פרעמדער, אַן אומבאַקאַנטער... ווער ווייסט...

— אָ, ניין... דאַן וואָלט איך זיך איבערהויפּט נישט געלייגט...

— איך דאַנק אייך פאַר אייער צוטרוי צו מיר...

זי האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— איבעריקנס, — זאָגט זי, — כ׳וועל טאַקע פּרווון פאַרמאַכן די אויגן. אפשר וועט מיר טאַקע געלינגען אַנטשלאָפן צו ווערן. עס מוז שוין זיין זייגער איינס.

— ס'איז שוין צוואַנציק מינוט נאָך איינס. איך האַלט אונטער אייער פאָרשלאָג צו פאַרמאַכן די אויגן...

ס'איז איינגעטראָטן אין אונזער קופּע אַ לאַנג שווייגן. איך האָב זיך איינגענורעט אין מיין מאַנטל און זיך איבערגעגעבן אינגאַנצן דעם ריטם פון די רעדער. ערשט איצט האָב איך דערשפּירט, אַז איך פאָר: אַז עס טראָגט מיך ערגעץ אין דער נאַכט. כ'האָב זיך געמיט נישט צו טראַכטן וועגן קיין שום זאַך, — אַפילו נישט וועגן מיין שכנה קעגנאַיבער... כ'האָב געוואָלט גרינגער מאַכן דעם וועג פאַרן שלאָף. אָבער ער איז ווי אויף צו־להכעיס נישט געקומען, דער שלאָף. איך האָב סוף־כל־סוף רעזיגנירט. געלעגן אָבער בין איך לאַנג, לאַנג מיט פאַרמאַכטע אויגן — אַזוי ווי מיר האָבן פריער „באַשלאָסן"... און אָן באַוועגונג, כדי זי, מיין שכנה, נישט צו שטערן. כ'בין געלעגן און פריי געלאָזט דעם שפּיל פון די געדאַנקען. און געקלערט האָט זיך אַלץ וועגן איין זאַך — וועגן די צופעליקייטן פון לעבן. מאָדנע! ווי אַלץ איז צופעליק! דאָס לעבן האָט קיינמאָל נישט קיין באַשטימטעס. יעדע ליניע דרייט זיך אין אויסטערלישע זיגזאַגן. דיין יעדע פּאַסירונג איז אומגעריכט, אַ סיורפּריז. אַ גוטער אָדער שלעכטער. אַ פרייליכער אָדער אַ טרויעריקער. דיין יעדער טריט איז אַ טריט אין דאָס אומבאַקאַנטע... דיין גאַנץ לעבן, דיין גאַנצער גורל איז אָפטמאָל אָפּהענגיק פון אַ טריט רעכטס אָדער לינקס... אָט פאָר איך צופעליק אין דעם דאָזיקן וואַגאָן און אָט פאָרט צופעליק אינם זעלבן וואַגאָן — זי, די שכנה מיינע... די, וואָס שפּאַנט אַ גאַנצן וועג מיין אויפמערקזאַמקייט... יאָ, איך בין מודה, זי האָט געשפּאַנט מיין אויפמערקזאַמקייט... זי איז דאָך אַזוי צאַרט, אַזוי ווייבלעך... אַ פרוי מיט אַ נשמה... איך פיל כסדר מיט מיין גאַנץ וועזן איר שכנות... זי גייט אויף קיין רגע פון מיין געדאַנק נישט אַרויס... כ'ווייס באמת נישט ווי דאָס אָנצורופן, מיט וואָס פאַר אַ נאָמען... אפשר איז עס פּשוט לייכטזיניק פון מיין זייט: אַזוי שנעל אַריינפאַלן אין סענטימענטאַלקייטן!... אָבער ווי לייכטזיניק דאָס זאָל נישט אויסזען — קאָן עס דאָך אַמאָל זיין אַ פּרעלודיע... אַ פּרעלודיע צו עפּעס שיינעס, ערנסטעס... און ווי וואָלט געווען, ווען איך פאָר נישט גראָד מיטן דאָזיקן צוג, אָדער ווען זי פאָרט מיט אַ טאָג פריער אָדער שפּעטער?...

אַזוי האָב איך מיר לאַנג, לאַנג געטראַכט אין דער פינסטערניש, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אונטערן ריטם פון די רעדער...

דער צוג האָט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט. איך עפן די אויגן — אַ בלאַסע ליכטיקייט פון אַ וואָקזאַל דרינגט אַריין צו אונז אין קופּע. עס הערן זיך פון יענער זייט פרעמדע שטימען.

איך וואַרף אַ בליק צו מיין „צווייטער העלפט" — זי שלאָפט נישט. ליגט מיט די הענט פאַרלייגט אונטערן קאָפּ, מיט אָפענע אויגן.

— איר שלאָפט נישט?

— ניין. ס'איז מיר נישט געלונגען.

— די גאַנצע צייט נישט?

— אַ רגע נישט. דערפאַר זייט איר געשלאָפן.

— ווער? איך? קיין האָר נישט. כ'בין געלעגן ווי אַ שלאָפעדיקער, כדי אייך נישט צו שטערן.

— און איך האָב געמיינט, אַז איר שלאָפט אַזוי געשמאַק.

— געשלאָפן נישט, נאָר געחלומט אויף דער וואָר.

די פרעמדע שטימען האָבן זיך דערהערט אין קאָרידאָר.

— זאָל כאָטש קיינער אַהער נישט אַריינקומען, — זאָג איך.

— לאָמיר האָפן, אַז נישט.

מיר זיינען טאַקע אָפּגעקומען בלויז מיט „שרעק". ס'האָט שוין אַפּילו עמיצער געפּרוווט אַ ריס טאָן אונזער טיר; אָבער זעענדיק, אַז זי איז פאַרשלאָסן, איז יענער אַוועק ווייטער.

דער צוג פליט ווייטער און מיר זיינען — זאַלבענאַנד.

ווידער טונקלקייט אין קופּע. דאָס פענסטער איז נאָך שטאָק־שוואַרץ. די האַרבסט־נאַכט איז לאַנג.

פון שלאָף האָב איך שוין לחלוטין רעזיגנירט און אויך זי, מיין „צווייטע העלפט" פון קופּע, טראַכט שוין נישט וועגן שלאָף.

עס גייט אויף דאָס ניי אַוועק אַ כסדרדיק גערייד. איך צי אַרויף אַ שמועס וועגן פאַמיליען־לעבן. וועגן „קייטן" און וועגן „פרייהייט"... איך פּרוּוו פאַרענטפערן איר מאַן: אויב... אויב זייער צעשיידונג איז פאַרגעקומען אויפן באַדן פון פאַרראַט מצד אים, איז זי צו־שטרענג געווען צו אים, ווייל אַלע מענער זיינען דאָך אין גרונט פּאָליגאַמיש. האָט זי עס געדאַרפט פאַרשטיין און — מוחל זיין.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז אויפן באָדן פון פאַרראַט?

— איך ווייס טאַקע נישט. כ'בין משער. זאָגט־זשע, אדרבה.

— כ'בין נאָך נישט גרייט זיך מתוודה צו זיין...

— ליידער...

— וואָס אינטערעסירט אייך אַזוי דאָס לעבן פון אַן אומבאַקאַנטער?

— איר זעט דאָך, אַז מיך אינטערעסירט עס יאָ. אַגב, זיינען מיר דאָך שוין באַקאַנט...

— יאַ, באַקאַנט... זינט וויפיל דעם זייגער?...

— דאָס זאָגט גאָרנישט. מענטשן קאָנען אַמאָל יאָרן אָפּלעבן צו־זאַמען ביז זיי דערקענען זיך. איר גופא אין אייער צוזאַמענלעבן מיטן מאַן זייט דער בעסטער באַווייז... אַמאָל ווידער, פאַרקערט, גענוגן בלויז שעהן, כדי צו ווערן דורכזיכטיק איינער פאַרן צווייטן...

— אפשר...

און אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט זי:

— איר האָט פריער געזאָגט, אַז אַלע מענער זיינען פּאָליגאַמיש — איז עס טאַקע אַזוי?

— אָן שום ספק. כמעט אַלע מענער און — אויב איר ווילט — אויך אַ גרויסער טייל פרויען. פרויען ווייניקער צוליב אַ ריי סיבות — ביאָ־לאָגישע, מאַטעריעלע.

— איך האַלט גראָד פון אַ יי ן מאַן.

— דערפאַר, הייסט עס, פאָדערט איר אויך פון מאַן, אַז ער זאָל זיין אַזוי?...

— אומבאַדינגט! ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַן עגאָאיסטין... איבעריקנס, ווי האַנדלט דער מאַן, דער פּאָליגאַמיסט, בנוגע זיין פרוי? ווען ער האָט אויף איר דעם מינדסטן חשד, אַז זי האָט באַציאונגען מיט אַן אַנדערן? — צי איז ער נישט עגאָאיסטיש־ברוטאַל צו איר? מעג ער אַליין זיין אינגאַנצן איינגעטונקט אין שמוציק לעבן, פאָדערט ער פון זיין פרוי, אַז זי זאָל זיין אומשולדיק־ריין ווי אַ מלאך... נאָכמער: דעם זעלבן מאַן איז נאָך ווייניק דער פרוים קעגנוואַרט — ער פאָדערט נאָך פון איר אַ זויבער־ריינע פאַרגאַנגענהייט...

— דערין זיינען שולדיק גאַנצע דורות! דורות פון פרויען־שקלאַ־פעריי. אַזוי גרינג ווערט אַ פּסיכיק נישט געענדערט.

— נישט וויכטיק פון וואַנען די סיבות שטאַמען. מיר ריידן דאָך וועגן פאַקטן.

זי איז, קענטיק, געוואָרן אַ ביסל אָנגעצונדן. די קאָלירן פון איר פּנים האָב איך אין דער טונקלקייט נישט געזען — איך האָב עס אָבער דער־קענט אָן דעם, וואָס זי האָט זיך אַלע ווײַלע אונטערגעהויבן פון איר ליגנ־דיקער פּאָזע. אַפּנים, דער דאָזיקער ענין רירט זי אָן באַזונדערס נאָענט...

און כ'קום דעריבער אין געדאַנק צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז טאַ־קע אויפן דאָזיקן באָדן איז ביי איר געקומען צו אַ ריס מיטן מאַן... פאַר־ראַט! אומבאַדינגט פאַרראַט! די פראַגע איז נאָר, ווי אַזוי זי האָט רע־אַגירט די גאַנצע צייט? צי איז עס אויך דערגאַנגען צו אַ „רעוואַנש" פון איר זייט און דאָן — צו ברוטאַלן עגאָאיזם פונם מאַנס זייט?... ווייל

מיט פֿאַרדעכטיקער פֿאַרביסנקייט האָט זי באַטאָנט, ריידנדיק, כּלומרשט בכלל, וועגן דעם מאַן, וואָס אַליין „מעג ער זיין אינגאַנצן איינגעטונקט אין שמוציק לעבן, פֿאָדערט ער פֿון זיין פֿרוי, אַז זי זאָל זיין אומשולדיק־ריין ווי אַ מלאך"...

אומבאַמערקט פֿאַר אונז האָט זיך אין אונזער קופּע גענומען אַריינגנבענען אַ גרויקייט. די גערדיכטע שוואַרצקייט פֿון פֿענסטער איז געוואָרן שיטערער. עס קומט דער באַגינען. איך זע זי דייטלעכער. אויף איר פּנים ליגט אַ מידקייט פֿון נאָך אַ נישט־געשלאָפֿענער נאַכט. איצט איז איר מאַנירלעכקייט אינגאַנצן, דוכט, פֿאַרשוווּנדן. סיי אין איר ריידן, סיי אין איר גאַנץ האַלטן זיך. צו וואָס האָט עס איר פֿריער געטויגט? איז זי נישט אינטערעסאַנטער אין איר נאַטירלעכקייט?

איך זאָג עס איר אָפּנהאַרציק:

— איר ווייסט, פֿאַראַן פֿרויען, וועלכע זיינען אינטערעסאַנטער אין אַ מאַסקע...

— וואָס הייסט?

— כ'מיין, ווען זיי זיינען נאַטירלעך... צום ביישפּיל איר...

— געפֿינט איר, אַז איך טראָג אַ מאַסקע?...

— פֿריער יאָ, איצט נישט... מיר געפֿעלט איר אָן דער מאַסקע...

— פֿאַראַן צייטן און פֿאַלן, ווען מען מוז דערשיינען אין אַ מאַסקע...

— און אויך אין קופּע?...

— אויך אין קופּע...

— אויב אַזוי, גלויב איך, איז אונזער קופּע סוף־כּל־סוף פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּשוט מענטשלעך צימער...

— פֿאַרוואָס גלויבט איר אַזוי?

— ווייל איר האָט ענדלעך אייער מאַסקע אויסגעטאָן...

— ווער ווייסט... זייט נישט אַזוי זיכער... — הויבט זי אָן פֿרוויאיש צו שמייכלען, — אפֿשר איז גראָד מיין א י צ ט י ק ע האַלטונג אַ מאַסקע?... אַ פֿרוי איז שווער גרינטלעך צו קענען... איר וועט אפֿשר אַמאָל ע פּ ע ס א נ ד ע ר ש וועגן מיר געוווּיר ווערן...

— איך גלויב אין מיין אינטואיציע...

— ווער ווייסט... מענער זיינען סוף־כּל־סוף נאַאיוו... לייכטגלויביק... די פֿרוי שפּילט זיך מיט זיי אָפֿט ווי מיט אַ שפּילצייג...

אין דער דאָזיקער רגע איז זי פֿאַר מיר געווען ווי אַ ספֿינקס. כ'האָב געקוקט אויף איר און געקלערט: „ווער איז זי? וועלכע איז איר אמתע געשטאַלט? צי איז זי אַן ערנסטע, אויפֿריכטיקע פֿרוי, וואָס איז באַליידיקט געוואָרן דורך ברוטאַלקייט פֿון אַ מאַן? אָדער אַ פֿרוי — אַ דע־

מאַן, וואָס דער מאַן איז גאָר א י ר קרבן געווען?... וו ע ר א י ז ז י ?"...

ס'איז געוואָרן גוט ליכטיק. דורכן פענסטער האָט זיך געוויזן א באַוועגלעכע לאַנדשאַפט. פעלדער האָבן זיך געקייקלט, בוימער זיינען געלאָפן אַנטקעגן און פאַרשוואונדן, ווי אין אַ משוגהדיקן טאַנץ. נאָענט פון פענסטער האָט זיך געהוידעט אַרויף און אַראָפּ אַ נעץ פון טעלעגראַף־דראָטן. באַלד האָט זיך אויסגעלייגט אויפן פענסטער אַ פּאַסמע גאָלד — די זון איז אויפגעגאַנגען מיט קילער מילדקייט פון שפּעט־האַרבסט.

— צייט אויפשטיין! — האָט אויסגערופן מיין „צווייטע העלפט".

זי האָט פלינק אַראָפּגעטאַנצט פון איר געלעגער און זיך אויסגע־צויגן אין דער הויך מיט אירע אָרעמס, גלייך ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אַוועקצופליען.

זי האָט זיך געפּאָרעט אַ ווייל ביי אירע זאַכן, גענומען איר נעסעסער און איז אַרויס פון קופּע. איך האָב זיך אויך אויפגעהויבן און זיך גרייט געמאַכט צום טאָג.

אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום איז זי צוריק דערשינען אין קופּע — ווידער אין איר נעכטיקער טראַכט איבערגעטאָן, פריש צוגעקעמט די גע־לאַקטע פריזור און „פריש געמאָלט"... די ליפּן „בלוטיק"־רויט פון קאַר־מין, די באַקן דעליקאַט צוגעפּודערט. אַריינקומענדיק האָט זי תיכף אָנגע־טאָן דאָס פלאַכע היטעלע, עקסצענטריש אָנגעבויגן אויף איין זייט קאָפּ. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף איר נעכטיקן פּלאַץ קעגנאיבער מיר און גענומען אין האַנט — דעם אילוסטרירטן זשורנאַל...

— ווידער מאַסקע... — באַמערק איך.

זי האָט געשמייכלט:

— מיר זיינען דאָך שוין באַלד אין שטאָט...

— „מיר זיינען דאָך שוין באַלד אין שטאָט"... — די דאָזיקע ווער־טער האָבן מיך עפּעס באַנג געטאָן. ס'איז געלעגן אין זייער טאָן עטוואָס פאַטאַלעס... ס'איז מיר אַמתדיק געווען אַ שאָד, וואָס דער וועג ענדיקט זיך...

— איך וויל גלויבן, אַז די מאַסקע איז שוין נישט פאַר מיר...

— וואָס הייסט?

— נו, מיר זיינען דאָך שוין באַקאַנט... נישט אמת?...

— נו, יאָ. וואגאָן־באַקאַנטשאַפט...

— אָבער אין דעם פאַל... וואָס איז דער אונטערשייד?... צי ווען עמיצער זאָגט אונז: „זייט באַקאַנט!" וואָלט שוין גוט געווען?...

— יאָ... אָבער...

— די נאַרישע קאָנוועגאַנסן!... אַט איך... איך קוק אויף אייך ווי אויף אַן אַלטער, גוטער באַקאַנטער...

— אפילו גוטער?...

— אפילו גוטער!

— נו, יאָ... מענער זיינען לייכטגלויבעוודיק... — האָט זי שלוי געשמייכלט.

— ניין! ביי מיר זייט איר אַריין אין דער ריי פון מיינע גוטע באַקאַנטע...

— עס פרייט מיך זייער...

— און מיך אויך... אָבער מיר מוזן זיין קאָנסעקווענט.

— וואָס מיינט איר?

— כ׳מיין... ווי באַקאַנטע, מוזן מיר זיך אַמאָל באַגעגענען...

— צו וואָס טויג עס אייך? פעלן דען פרויען אין שטאָט?...

— דאָך...

— כ׳בין ווייט, זייער ווייט איצט פון מענער... כ׳באַגער איין זאַך — רו!...

— ס׳איז ביי אייך נאָר אַזאַ „רעאַקציע", וואָס וועט לאַנג נישט דויערן. אַזוי פאַרביסן זייט איר עס קעגן אונז?... איר זייט צו שיין, מ׳זאָל אייך לאַנג אַזוי לאָזן „רוען"... איבעריקנס, וואָס טויג אייך דען רו? רו איז — טויט!...

זי האָט געשוויגן, ווי זי וואָלט אַריינגעטראַכט אין זין פון מיינע ווערטער.

— איך האָב געעפנט דאָס פענסטער — די זון איז שוין געווען העכער, וואַרימער און צערטלעכער. דערפער, שטעט זיינען אונטערגעקומען און פאַרשוואונדן. דער צוג לויפט ווי מיט פאַרגרעסערטן אימפעט. מיר דערנענטערן זיך צום ציל.

— שוין אַ האַלבע שעה... — זאָגט זי, קוקנדיק אויפן זייגערל.

זי האָט גערעדט ווי מיט דער שטים פון אומפאַרמיידלעכקייט...

עס ווייזן זיך שוין אין דער ווייטנס הויכע קוימענס פון פאַבריקן — פאַרשטעט! ביי ראַגאַטקעס שטייען אָנגעלאָדענע פראַכט־וועגענער, פויערישע פורן מיט קאַנען מילך, לאַסט־אויטאָס, פוסגייער. עס ציען זיך מאָסן באַן־שינעס מיט ליידיקע רעזערוו־צוגן. שוואַרצע, פאַררויכערטע באַן־דעפּאָ־געביידעס. איין גאַס, אַ צווייטע. פרימאָרגנדיקע שטאָט־באַוועגונג: מענטשן מיט טעקעס איילן אין די ביוראָס. אַ רויטער טראַמוויי יאָגט זיך אין דער מיט גאַס מיט אַ געקלינגעריי.

— דאָס גרויע לעבן... — טו איך אַ ווייז.

— נישט פאַר אַלעמען איז עס גרוי...

— זייט איר פיל באַשעפטיקט? — פרעג איך אין אַ ווײַלע אַרום. כדי פאַרט געוווּיר צו ווערן כאָטש אַ דריט־ראַנגיקן פּרט... אָבער זי ענט־פערט עקשנותדיק קורץ:

— נאָרמאַל...

— מיט וואָס פילט איר אויס אייער פרייע צייט?

— איך רו...

— פאַרדאָן, פאַרגעסן... איר רוט...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ טומלדיקן וואָקזאַל.

מיר האָבן זיך געזעגנט, האַרציק געזעגנט. איר האַנט־דרוק איז גע־ווען אַ וואַרעמער, אַ פרײַנטלעכער.

— הייסט עס, מיר זעען זיך אַמאָל?...

— אפשר... גיט מיר אייער טעלעפאָן...

כ׳האָב איר דערלאַנגט מײַן וויזיט־קאַרטע מיטן נומער פון מײַן טעלעפאָן.

— איר וועט אָבער אָנקלינגען?

— יאָ, ווען כ׳וועל זײַן אין דער שטימונג...

— ס׳הייסט, ווען איר וועט אויפהערן רוען...

זי האָט שטום געענטפערט מיט אַ צוזאָגנדיקן שמייכל.

— קלינגט אָן! — איז מײַן לעצט וואָרט געווען.

— גוט, כ׳וועל אָנקלינגען! — האָט זי געענטפערט שוין אָן שפּי־לערײַ.

אַ טרעגער האָט צוערשט דערלײדיקט איר באַגאַזש און זי איז פרײַ־ער אַרויס פון וואַגאָן. שפּעטער אַ ווײַל, בעת איך בין אַראָפּ פון וואַגאָן־טרעפּ, האָב איך באַמערקט, ווי נעבן איר אויף דער פּלאַטפאָרם איז גע־שטאַנען עפּעס אַ הויכער שלאַנקער הער, וואָס האָט זיך געגריסט און גע־קושט מיט איר.

אַז דאָס איז נישט געווען קיין ברודער — דאָס האָב איך אָן דעם קושן זיך זיכער דערקענט...

מיר האָבן זיך נאָכאַמאָל געטראָפן מיט די בליקן — זי איז גע־ווען, דוכט זיך, אַ ביסל זשענירט. כ׳האָב שטום געצוויגן מײַן הוט פאַר איר און בין אַוועק מיט אַ פראַגע אין דער מחשבה: „ווער איז עס אָט דער דאָזיקער פּאַרשוין, וואָס האָט זי אָפּגעוואַרט אַזוי פרי און זי אַזוי האַרציק געגריסט?“...

אויפן האַרץ האָט מיך געפּרעסט אַן אומאָנגענעם געפיל. אין קאָפּ האָט ווי עמיץ דייטלעך איבערגעחזרט און אַקצענטירט אירע ווערטער:

„מענער זיינען לייכטגלויבעוודיק"... „די פרוי שפּילט זיך מיט זיי ווי מיט אַ שפּילצייג" — — —

---

עס זיינען אוועק אַ שיינע פּאָר וואָכן אינם „גרויען לעבן". די ערשטע צייט האָב איך אַפילו אָפּט געקלערט וועגן מיין באַקאַנטשאַפט אין קופּע; אָבער די טומלדיקע מיליאָנען־שטאָט מיט די טאָג־טעגלעכע געשעענישן און באַגעגענישן האָבן זי לסוף בלאַסער געמאַכט אין מיין זכרון. איך האָב זי שוין כמעט געהאַט ווי פאַרגעסן.

אָבער איינמאָל — ס'איז שוין געווען אין מיטן ווינטער — קלינגט צו מיר דער טעלעפאָן —

ז י — מיין דאַמע פון קופּע...

— צי געדענקט איר מיך נאָך? — פרעגט זי.

— אַ, יאָ! שטאַרק! — טרייב איך איבער. — כ'בין אייך זייער דאַנקבאַר, וואָס איר האָט לסוף אָנגעקלונגען.

זי רעדט אַצינד אָפן. אָן צערעמאָניעס. זי איז גרייט מיך צו זען...

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן! ווו? ווען?

— מאָרגן אין טעאַטער „אָלימפּ".

— גוט, געמאַכט! איז וווּ־זשע טרעפן מיר זיך פ א ר ן טעאַטער?

— ניין. איר גייט אַליין. באַזאָרגט אַ בילעט נאָר פאַר זיך. מיר וועלן זיך שוין דאָרט טרעפן.

עס ווערט מיר עפּעס געהיימניספול.

— וואָס הייסט?

— פרעגט נישט. אַזוי איז עס. איז קומט איר זיכער?

— נו, זאָל זיין אַזוי ווי איר ווילט. איך קום.

כ'בין אוועק פון טעלעפאָן מיט אַ גרויסן פראַגע־צייכן. אָבער גיין, באַשליס איך, דאַרף מען. אגב: כאָטש „אָלימפּ" איז גראָד אַ כמעט דריט־ראַנגיק טעאַטער, וואָס כ'באַזוך גאָר קיינמאָל נישט, — גייט דאָרט אָבער איצט אַן אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונג. איז מילא.

געקומען בין איך צומאָרגנס אין יענעם טעאַטער אַ האַלבע שעה פאַר דער פאָרשטעלונג און האָב זיך אומגעדרייט פול דערוואַרטונג אינם זייער באַשיידענעם פאָיע. מיט יעדער מינוט איז געוואָרן געדיכטער פון די אָנגעקומענע צושויער, אָבער ז י וויזט זיך נאָך אַלץ נישט. מסתמא וועט זי באַלד דערשיינען אין אַן עלעגאַנטער אָוונט־קלייד. אַז זי קליידט זיך מיט געשמאַק — דאָס געדענק איך גוט און שיין איז זי אויך, די פּלאַטין־בלאָנדינע מיט די סובטעלע, ווייסע, שמאָלע פינגער.

אָבער פאַרוואָס איז זי נאָך נישטאָ? שוין געווען דער ערשטער קלונג, דער צווייטער. געבליבן בלויז אַ פינף מינוט... יאָ, עלעגאַנטע דאַמען פאַרשפּעטיקן תמיד צום אָנהויב פאַרשטעלונג... — באַרעכטיק איך זי אין געדאַנק.

נאָכן דריטן קלונג, בעת די ליכט־סיגנאַלן האָבן דערמאָנט, אַז די פאַרשטעלונג הויבט זיך שוין אָן, איז דאָס פּאַיע געבליבן אינגאַנצן ליידיק. מיין בלייבן אַליין אין פּאַיע האָט אויסגעזען לעכערלעך און כ׳בין לסוף אויך אַריין אינעווייניק. ס׳האָט באמת פאַרדראָסן: צו וואָס האָט עס איר געטויגט אַזאַ נאַרישער שפּאַס?... דאָס וואָלט גיכער געפּאַסט פאַר אַ לייכטזיניקער גימנאַזיסטין...

כ׳בין געזעסן אויף מיין פּלאַץ, נאָנט פון דער בינע, און פאַר כעס נישט געקאָנט קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען אויף דער פאַרשטעלונג. עס זיינען צו מיר דערגאַנגען שטימען פון די אַרטיסטן, אָבער די גאַנצע האַנדלונג אויף דער סצענע איז מיר נישט אָנגעגאַנגען.

ביז...

אויף דער בינע איז דערשינען אַן עפעקטפולע שוישפּילערין: אַ שלאַנקע, שיינע, יונגע פרוי אין אַ טונקעלער קלייד. אַ פלאַך היטעלע אויפן קאָפּ, אַנגעבויגן אויף איין זייט, געמאָסטענע באַוועגונגען, דראָבנע טריטעלעך, און וועלכע ס׳איז געלעגן מאַיעסטעטישער שמאַלץ.

ס׳האָט מיר תיכף דורכגעבליצט עפּעס אַ מחשבה, ווי אַ ציטער, און אַז כ׳האָב דערהערט אירע ערשטע ווערטער, בין איך ווי געפּלעפט געוואָרן: ז י... דאָס איז דאָך ז י... א י ר שטים...

כ׳האָב זיך אַזש אַ באַוועג געטאָן אויף מיין פּלאַץ און דערמיט אַרויסגערופן די אויפמערקזאַמקייט פון מיינע שכנים. כ׳האָב זיך מיט אַלע כוחות באַהערשט צו זיין רואיק. כ׳האָב אַריינגעקוקט אין פּראָגראַם — איר נאָמען איז ל י ז ע ט אַ. אַ פּסעוודאָנים מן הסתם.

הייסט עס: זי האָט מיך נ י ש ט אָפּגענאַרט... זי איז טאַקע יאָ געקומען אין טעאַטער... איצט איז מיר שוין אויך קלאָר, פאַרוואָס זי האָט מיר געהייסן צו באַזאָרגן אַ בילעט בלויז פאַר זיך אַליין...

טיף אין מיר האָט זיך עמיץ צולאַכט, קונדייסימדיק זיך צולאַכט: „כאַ־כאַ־כאַ!" און „כאַ־כאַ־כאַ!"...

כ׳האָב זיך ביסלעכווייז באַרואיקט און זיך אינגאַנצן קאָנצענטרירט אויף איר שפּילן. כ׳האָב נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין וואָרט אירס, קיין איין זילבע, קיין איין באַוועגונג. געווען אויף דער בינע אַ מאָמענט פון טיפן ליידן. און מערקווירדיק: זי האָט גראָד געשפּילט אַ פרוי, וואָס ווערט אַנטוישט און אָפּגענאַרט...

פלוצלונג צערעדט זי זיך מיט פייער, מיט פאטאס:

„...אלע זייט איר, מענער, פון איין טייג געקנאטן. אלע באַהאנדלט איר די פרוי ווי אַ מינדערווערטיק באַשעפעניש, ווי אַ שקלאפין... איר אליין מעגט זיין אינגאנצן איינגעטונקט אין שמוציק לעבן, פאדערט איר פון דער פרוי, אַז זי זאָל זיין אומשולדיקריין ווי אַ מלאך... נאכמער: אייך איז נאָך ווייניק איר קעגנווארט — פאדערט איר נאך פון איר אַ זויבער־ריינע פארגאנגענהייט"...

— — — — — — — — — — —

באקאנטע ווערטער... ווארט אין ווארט פון דעם, וואס זי האט געזאגט אין קופע... הייסט עס, אַז זי האָט די גאַנצע צייט אין קופּע געשפילט, די שווישפּילערין... זי האט עס איר ראָל דאָרט רעפּעטירט... באַ־כאַ־כאַ!... און איך — איך האָב גאַרנישט באמערקט... מיר איז עס גאַרנישט איינגעפאלן...

כ׳האב זיך דערפילט ווי אַן אפגענארטער, ווי אַ שלימזל... כ׳האב זיך פארשעמט פאַר זיך אַליין...

ביים סוף פון ערשטן אקט, בעת די קורטינע איז אַ פאַל געטאָן, האָט איר נאָמען געהילכט אין זאל מער פון אַלעמענס. מ׳האט איר אומאויפהערלעך אפּלאָדירט און אפילו רויזן צוגעטראָגן.

בעתן אַנטראַקט בין איך דער ערשטער אַרויסגעלאָפן אין פאָיע. כ׳האב ביי זיך נישט געקאָנט פועלן צו ווייזן זיך פאַר איר. ס׳האָט מיך אַזש פאַרדראָסן אויף איר, שטאַרק פאַרדראָסן. אָבער נישט זען זיך מיט איר האָב איך אויך נישט געקאָנט, און בעתן צווייטן אַנטראַקט האָב איך זיך אַנטשלאָסן און הינטער די קוליסן געגאַנגען. כ׳האב געלאָזט איר אָנמעלדן, אַז עמיצער וויל מיט איר רעדן אַ פּאָר ווערטער.

זי האָט מיך באַגעגנט אין איר קליין גאַרדעראָב־צימערל האַלבלאַכעדיק.

איך האָב איר געדריקט די האַנט און זיך געוואָרגן מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס איך האָב איר געוואָלט זאָגן.

— נו, — האָט זי אָנגעהויבן, — בין איך פּינקטלעך?... כ׳האב אייך צוגעזאָגט צו קלינגען, האָב איך געהאַלטן וואָרט...

— נאָך מער ווי פּינקטלעך... — האָב איך קינסטלעך אונטערגעהאַלטן דעם לייכטן טאָן, — אין טעאַטער זייט איר דאָך מסתמא געקומען נאָך פריער פאַר מיר...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זי גוטמוטיק געלאַכט, — און איר, זענדיק

צוערשט, אז כ׳בין נישטא, האט אוודאי געמיינט, אז כ׳האב אייך אפ־געגארט, אז כ׳וועל נישט קומען...

— נו, יא... כ׳זע טאקע, אז מען טאר קיינמאל נישט אורטיילן א פרוי ביז דער סאמע לעצטער מינוט... אפילו ביז נאכן דריטן גלעקל...

— זעט איר שוין...

מיר האבן אזוי כסדר גערעדט אין א לייכטן שפילעוודיקן טאן.

— הייסט עס, — זאג איך, — אז איר האט מיר געמאכט א סיור־פריז?...

— א גוטן, צי א נישט־אנגענעמען?...

— זיכער א גוטן... איר שפילט זייער שיין... און נישט נאר אויף דער בינע...

זי האט הארציק געלאכט.

— אבער זאגט מיר דעם אמת, — פרעג איך זי ווייטער, — צי אלץ, וואס איר האט דערציילט וועגן זיך אין קופע, איז אויך ש פ י ל?...

— כ׳וועל אייך באלד איבערצייגן...

דאס געזאגט, איז זי צוגעגאנגען צו דער טיר, אז עפן געטאן און א רוף געטאן:

— ליאווא!

ס׳איז אריינגעקומען עפעס א הער מיט א צעשויבערטער טשופריגנע.

— זייט באקאנט... דאס איז... דאס איז... מיין מאן...

— עס פרייט מיך זייער...

מיר האבן זיך העפלעך די הענט געדריקט.

— געדענקסט, ליאווא, כ׳האב דיר דערציילט... דאס איז דער הער פון קופע...

אויף דעם דאזיקן הער האב איך דערקענט: דערזעלבער טאקע האט זי אין יענעם פרימארגן אפגעוואַרט ביי דער באן...

נאכן טוישן זיך מיט עטלעכע ווערטער האט זיך דער מאן אנטשולדיקט און איז ארויס, גלייך ווי ער וואלט זיך דא דערפילט אומבאקוועם.

— ס׳איז אייך שוין איצט קלאר?... — פרעגט זי נאך יענעמס ארויסגיין.

— יא, אלץ קלאר... אבער וואס האט אייך געטויגט צו שפילן דאמאלס אין קופע אן אנטוישטע פרוי?... בעסער וואלט געווען, ווען איר שפילט א פארליבטע...

— כ׳פארשטיי... כ׳פארשטיי אייך אויסגעצייכנט...

— איר האט, הייסט עס, דאן ג ע ש פ י ל ט?

— קאָן זײַן... אַ שוישפּילערין פֿאַרגעסט אַמאָל די גרעניצן צווישן לעבן און סצענע...

כ'האָב זיך אויפֿגעהויבן פֿון מײַן שטול אַוועקצוגיין:

— שוין צײַט! איר דאַרפֿט זיך דאָך צוגרייטן צום דריטן אַקט.

— ס'שאַדט נישט. כ'האָב נאָך אַ ביסל צײַט.

מיר האָבן זיך פֿרײַנטלעך געזעגנט.

— איך ווינטש אײַך דערפֿאָלג אויף דער בינע און אין — קופּע...

— האָב איך איר געווונטשן, שוין שטייענדיק בײַ דער טיר.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — האָט זי אַ צושמייכלטע געענטפֿערט. — ביטע, ווײַזט זיך אַמאָל!

איך האָב אַרויסגייענדיק פֿון איר געטראַכט, ווי אַזוי איך דאַרף אויסטײַטשן אירע ווערטער: צי מיינט זי, כ'זאָל סתּם זיך ווײַזן אין טעאַטער און זען ווי זי שפּילט, אָדער אויך הינטער די קוליסן?... אָבער גיכער האָב איך עס פֿאַרשטאַנען אַלס פּשוטע קורטואַזיע.

כ'האָב באַשלאָסן איר צו ענטפֿערן מיט — „אַן אויג פֿאַר אַן אויג". פּונקט ווי זי מיר, אַזוי וועל איך איר אויך מאַכן אַזאַ מין „סיורפּריז". היות ווי כ'בין שטענדיקער טעאַטער־רעצענזענט אין אַ וואָכן־זשורנאַל — וועגן וואָס יענער חלומט זיך אַפֿילו נישט — וועל איך דאָרט אָנשרײַבן אַ רעצענזיע וועגן דער איצטיקער פֿאָרשטעלונג אין „אָלימפּ"־טעאַטער און...

אין דרײַ טעג אַרום איז די דאָזיקע רעצענזיע שוין געווען אָפּגעדרוקט. כ'האָב זי זאָרגפֿעלטיק אויסגעשניטן, צוגעשריבן דערצו בלויז אַ פּאָר קורצע ווערטער, אַז דאָס שיקט איר דער „פֿאַרערער" פֿון קופּע — דער סטאַבילער רעצענזענט פֿונם ליטעראַרישן וואָכן־זשורנאַל, — אַרײַנגע־לייגט עס אין אַ קאָנווערט און אַדרעסירט אין טעאַטער „אָלימפּ" פֿאַר דער שוישפּילערין ליזעטאַ.

אין דער רעצענזיע איז צווישן אַנדערן געווען געשריבן:

„...דער „קליו" פֿון דער פֿאָרשטעלונג איז געווען די זייער סובטעלע שוישפּילערין ליזעטאַ, וואָס האָט באַוויזן צו שפּאַנען דעם צושויער באַלד בײַ איר דערשײַנען אויף דער בינע ביזן פֿי־נאַל אין לעצטן אַקט. ליזעטאַ איז אַ שוישפּילערין, וואָס רײַסט מיט. אין דער הויפּט־ראָל אַלס אָפּגענאַרטע, אַנטוישטע פֿרוי איז זי טראַגיש־שיין. זי האָט אונז באַוויזן, אַז זי קאָן טיף לײַדן... זי רירט אונז מיט דער סובטעלקייט פֿון איר טרער און צווינגט אונז איר צו גלויבן. ס'איז קענטיק, אַז די דאָזיקע ראָל האָט ליזעטאַ לאַנג, לאַנג שטודירט, אויסגעווייטיקט און זיך אין איר אַרײַנגע־

טיפט און אַרײנגעפּילט. אין שטוב, אין גאַס, אין ק ו פּ ע —
אומעטום האָט זי, אַפּנים, פריער געלעבט מיט דער דאָזיקער ראָל
און זי לסוף באַהערשט ביז שלימות. אָט אַזוי דאַרף אַ שוישפּילער
צוגיין צו אַ ראָל און אָט אַזוי מוז זי געשפּילט ווערן!״...

לכתחילה האָב איך, וואָס אַן אמת, געהאַט בדעה זיך „נוקם־זיין״
אַן איר... אָבער ווי קאָן מען עס „ארונטעררייסן״ אַזאַ פּרעכטיקע פרוי
און אַזאַ באַגאַבטע שוישפּילערין?... איז טאַקע אַרויסגעקומען אַזוי, אַז
אַנשטאָט צו „שעלטן״ האָב איך זי גאָר „געבענטשט״...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי צו מיר ווידער געקלונגען. איר שטים
האָט געקלונגען אין הער־טרייבל מיט פרײדיקער אויפגערעגטקייט:

— כ'בין איבערראַשט... כ'בין ממש אויסער זיך פון פאַרוואונדערונג...
מיין גאָט, איז עס מעגלעך?... ווי מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן!... כאַ־
כאַ־כאַ!... איך וואונדער זיך, וואָס איר האָט געשריבן גוטס וועגן מיר...

— איר זייט אפשר ווערט געוועזן אַ „שטראָף״ — ענטפער איך
אין שפּאַס, — אָבער כ'בין זייער אָביעקטיוו... כ'האָב געמוזט וועגן אייך
אַזוי שרייבן...

— אַך, איך דאַנק אייך פון גאַנצן האַרצן... כ'בין געוועזן אַזוי גע־
רירט... כ'האָב עס אַ גאַנצן פרימאָרגן געלייענט... איין מאָל, אַ צווייט
מאָל און אפילו אַ דריט מאָל... איר האָט אַזאַ שיינעם סטיל... כאַ־כאַ־
כאַ... איר האָט אפילו דערמאָנט דעם קופּע... כאַ־כאַ־כאַ... איר האָט אפּי־
לו דאָס וואָרט „קופּע״ אונטערגעשטראָכן... איך האָב אַזוי האַרציק גע־
לאַכט דערביי... קיינעם וועט עס גאַרנישט איינפאַלן ווי עס קומט דאָ
דער קופּע...

זי האָט אַזוי כסדר גערעדט אַ שיינע פּאָר מינוטן מיט דער גרעסטער
אויפגעלייגטקייט צו מיר.

— אפשר וואָלט איר זיך געוויזן ביי אונז? — האָט זי לסוף גע־
פרעגט.

— מיט פאַרגעניגן... די טירן פאַר אַ רעצענזענט זיינען דאָך שטענ־
דיק גאָסטפריינטלעך־אָפן... כ'בין דעמאָלט ביי אייך אין טעאַטער גע־
זעסן אַזש אויף צווייי אומזיסטע פּלעצער... אָבער איך מוז דאָך איצט
וואַרטן אויף אַ נייער פּיעסע...

— צו לאַנג צו וואַרטן... די איצטיקע פּיעסע וועט זיך נאָך לאַנג
האַלטן אויף די ברעטער... קומט אָבער אַרויף — אַ ביסל אין טעאַטער,
אַ ביסל הינטער די קוליסן...

— אָ, איך דאַנק... איך דאַנק... אָבער זאָגט מיר דעם אמת, איר
בעט עס מ י ך, אָדער דעם ר ע צ ע נ ז ע נ ט...

— א יי ד !... אומבאַדינגט אייך !...

— אויב אַזוי, איז גוט... אָבער וואָס עפּעס דווקא הינטער די קור־ליסן ?... איך האָב נישט גערן דעם טעאַטער־רעקוויזיט פון דער נאַנט...

— איז אפשר אין אַ קאַפיי ?

— אויסגעצייכנט !

מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך פינף פאַרנאַכט אין קאַפיי „אָריענט" אויפן „פּיוו אַ'קלאָק".

— אָבער, — פרעג איך האַלב־שפּאַסיק, — איר קומט אַליין ?...

— אַליין ?... אָבער דאָס שטימט דאָך נישט מיט מיין איצטיקער ראָל אַלס אָפּגענאַרטע.

— שוין צייט צו גרייטן אַ פרישע ראָל... אַ פּ אַ ר ק ע ר ט ע...

זי האָט געלאַכט אין טעלעפאָן :

— אַ זייער שווערע ראָל פאַר מיר...

— נישקשה, איר וועט די דאָזיקע ראָל מיט דער צייט באַהערשן... פרויען זיינען דערצו זייער פעאיק... מען דאַרף נאָר איין ביסעלע אי־בונג...

צו דער אָפּגערעדטער מינוט איז ליזעטאַ געקומען פאַרן אַריינגאַנג פון קאַפע „אָריענט" : אַליין, אָן דעם מאַן...

— מיין מאַן איז גראָד פאַרנומען מיט עפּעס אַן אויטאָר... — האָט זי זיך פאַר מיר ווי גערעכטפאַרטיקט...

מיר האָבן פאַרנומען אַ טישל אין אַ באַקוועם אָרט אונטער אַ נישע. עס איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן געדיכטער פון מענטשן. דער אָר־קעסטער האָט דאָס רוב געשפּילט סענטימענטאַלע טאַנגאָס. אין מיטן, צווישן די טישלעך, אין אַ פרייען קרייז, האָבן זיך געוויגט טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

כאָטש אַרום איז געווען אַזוי טומלדיק און רוישיק, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך ביי אונזער טישל אונטער דער נישע געפילט אָפּגעזונדערט ווי אויף אַן אינזל. דער מאָקקאַ אויף אונזער טישל האָט געשפּרייט אַ דזשפּטיקן אַראָמאַט. עס האָט אויך געשמעקט פונם בלויען רויכל פון אירע דינע דאַמען־ציגאַרעטלעך, וואָס מיר האָבן ביידע גערויכערט. מיר האָבן לאַנג גערעדט, האַרציק געפּלוידערט וועגן אַלץ און וועגן גאָרנישט...

מיר דערמאָנען, נאַטירלעך, אויך דעם קופּע... ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן... איך חזר איבער יעדן פּרט... ציטיר אירע ווערטער אין קופּע און אויף דער בינע... און זי... זי לאַכט... זי כאַפּט מיך אינסטינקטיוו ביי דער האַנט און לאַכט אַזוי פריידיק... אַזוי ווייבלעך־אינטים... זי לאַכט איצט אַליין פון איר דאָמאָלסטיקן פּאָזירן, פון איר שטייפקייט אין די

ערשטע מינוטן פון אונזער באקאנטשאפט... פונם אילוסטרירטן זשורנאל, אין וועלכן זי האט כלומרשט אריינגעקוקט... און דער עיקר האט זי געקייכט, שטיפעריש געקייכט, פון מיין גאנצער „דיפלאמאטיע", וואס כ'האב דאן אנגעווענדט... זי האט שוישפילעריש נאכגעמאכט מיין שטים: — ...„א שאד, וואס מ'קאן דא נישט זען די שיינע בערג־פייזאזשן"... און איך ענטפער דערויף קורץ: „נאכט!"... כא־כא־כא!... איך געדענקט?...

זי האט אזש געקייכט, די שוישפילערין. איר געלעכטער איז געווען אזא ווייבלעכער, אזא פריידיקער. איך בין בעת־מעשה געזעסן א פארשכורטער. כ'בין געווען בארוישט פון אלץ: פון די זיסע טאנגא־מעלאדיעס; פונם בלויען דופטיקן רויכל, וואס האט זיך געוויקלט פון אונזערע דאמען־ציגארעטלעך; פון איר קאמישן נאכקרימען מיר און פון איר כסדרדיק פריידיק לאכן... א בארוישטער פלעג איך זי אלע ווייל א כאפ טאן ביי די ראזלעכע, צארטע, דופטיקע פינגער, גלייך ווי וועלנדיק אזוי ארום פארהאלטן די רגעס פון אינטימער פרייד...

— — — — — — — — — — —

די דאזיקע באגעגעניש איז געווען דאס ערשטע רינגעלע פון א גאנצער קייט באגעגענישן... מיין שוישפילערין האט „רעפעטירט" א נייע ראל — די ראל פון א פארליבטער...

וואַרשע 1936

# די לעצטע סוכה

פון יאָרן־לאַנג איז ביי ישראל־מאיר דעם מלמד געווען אַ מנהג אויף יעדן סוכות אויפצובויען מיט זיינע אייגענע הענט אַ סוכה און זיין אַליין בעל־הבית איבער אייגענע פיר ווינקעלעך.

באַלד מוצאי יום כפור, ביי דער סעודה נאָכן תענית, פלעגט ער זיך אָפּרופן צו זיין אַלטער:

— דבורה! גרייט מיר צו די האַק. מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין גאַנץ פרי.

— וואָסי'? — פאַלט זיין ווייב לכתחילה נישט איין וואָס ער מיינט דערמיט.

— ס'טייטש „וואָסי'"?! — קוקט זי ישראל־מאיר אָן מיט פאַרוווּנדערונג, — אַפּנים, דיר ליגט די סוכה ווייניק אין קאָפּ.

די אַלטע נעמט נאָכן עסן די לאָמפּ צום „קאָטוך", פאַרעט איינוווייניק מיט דער קאָטשערע, וועקט אויף דעם איינציקן האָן, וואָס איז דאָרט מחמת שוואַרצקייט איבערגעבליבן פון ערב יום כפור, און זוכט אויף די האַק פאַר ישראל־מאירן.

און צומאָרגנס גאַנץ באַגינען, ווען עס איז נאָך שווער געווען צו אונטערשיידן צווישן „תכלת" און „לבן", איז שוין ישראל־מאיר געלעגן מיט אָפענע אויגן, און ליגנדיק אַזוי וואַכעדיקערהייט האָט ער מיט אומגעדולד געוואַרט, עס זאָל שוין אַמאָל טאָג ווערן. אין מח האָט ער שוין איבערגעלייגט דעם גאַנצן פּלאַן פון דער סוכה.

לסוף הויבט אָן דאָס קליינע נידעריקע פענסטער צו ווערן גרויער און גרויער. די פוילע פינסטערניש, וועלכע ישראל־מאירס קורצזיכטיקע אויגן קאָנען נישט דורכדרינגען, הויבט אָן צו ווערן שיטערער און בלאַסער. ישראל־מאיר טוט זיך אָן אין דער גיך, גיסט אָפּ נעגל־וואַסער, כאַפּט דעם טלית און תפילין אונטערן אָרעם, מיטן אַלטן ירושה־שטעקן אין דער האַנט און איילט אַוועק אין בית המדרש. דאָרט קומט אים נאָך

אויס צו וואַרטן אַ היפּש ביסל צייט איידער דער פּריאיקער עולם קומט זיך צונויף דאַוונען מיטן ערשטן מנין.

עס באַווייזט זיך איין ייִד, אַ צווייטער. אַט איז שוין אויך דאָ דער אַלטיטשקער ר׳ אליה מיט זיין שטענדיקער אַסטמע און הוסטל. ער איז תמיד אין בית המדרש פון די ערשטע, ווייל נאָכן דאַוונען האָט ער תמיד ליב אַריינצוכאַפּן אַ פּרק משניות. עס ווייזן זיך נאָך אַנדערע פּריאי־קע דאַוונערס ביז עס ווערט אַ פולער מנין. זעליק דער זייגערמאַכער שטעלט זיך ביים עמוד זאָגן „מזמור שיר חנוכת" און ער זשומט אַזוי שנעל, אַקוראַט ווי אַן אָפּגעלאָזט רעדל אינם „געוועער" פון אַ זייגער... דער ערשטער מנין האָט שוין אַ שם פאַר „פלינקע דאַוונערס" און יש־ראל־מאירן איז נישט אויסגעקומען קיין סך צו וואַרטן.

קומענדיק אַהיים פון דאַוונען, נעמט זיך ישראל־מאיר תיכף צו דער אַרבעט. וועגן אָנביסן איז נאָך נישט שייך. די אַלטע ליגט נאָך אין בעט.

קודם־כל וואַרפט ער אַראָפּ די קאַפּאָטע און טוט אָן דאָס קאַלירטע וואַטענע לייבל, די יאַרמולקע, די האַק אין דער האַנט מעשה בעל־מלאכה און — אַרויף אויפן בוידעם. אויפן בוידעם איז פון שטענדיק אָן גע־לעגן אַן אוצר פון אַלטע ברעטער, קאַסטנס, אַ טיר פון אַ פּאַרקאַן, שטאַנגען, אויף וואָס מען הענגט גרעט, און דאָס אַלץ וואַרפט ישראל־מאיר אַראָפּ אויף דער ערד, נעמט עס צונויף און מאַכט אַ חשבון: איינ־גאַנצן דאַרף ער האָבן דריי ווענטלעך; איין וואַנט איז די שטוביקע מיטן פענסטער; די צוויי סלופּעס, וואָס זיינען נויטיק, שטייען שוין אויף זייער אָרט מכמה יאָרן; מען דאַרף זיי נאָר „איינמאַצעווען" אונטן מיט אַ פּאָר קליינע שטיינער. ווייטער דאַרף מען אַרומשלאָגן די דריי ווענט־לעך, צוטשעפּען דאָס טירל, איינלייגן אויבן די שטאַנגען, סכך און — כשר!

ישראל־מאיר פלעגט זיך מיט דער דאָזיקער אַרבעט שפּילן און עס פלעגט דויערן ביי אים ביז אַ טאָג פאַר סוכות. ער וואָלט די סוכה גע־קאָנט אַ סך פריער ענדיקן, נאָר עס איז אים אַ שאָד געווען אַראָפּצופּטרן צו שנעל די מצוה.

די אַלטע זיינע פלעגט נישט זעלטן אַרויסגיין צו אים מיט אַ טענה:

— וואָס דויערט עס אַזוי לאַנג? מען האָט שוין געקאָנט מאַכן אין דער צייט צוואַנציק סוכות!

ישראל־מאיר ווערט בייז אויף איר און נעמט ריידן אויף אַ העכערן טאָן:

— ניי רייד מיט אַ ייִדענע! זי מיינט, דאָס איז אָפּמאַכן אַ קרופּ־

ניק, צי אויסזאַלצן פלייש. דאָס איז דאָך עפּעס אַ סוכה!

— אַ סוכה... אַ סוכה... — פלעגט אים די אַלטע נאָכקרימען.

— אוודאי אַ סוכה, — פלעגט שוין ישראל־מאיר אָנהויבן ריידן מיט גדלות, — לאָמיר אָקאָרשט זען ווי דו וועסט עס מאַכן אין אַ שעה.

— וואָס טויגן מיר דיינע טענות! וואָלסט בעסער אַריינגעגאַנגען צו אַ פּאָר בעלי־בתים פאַרהערן די קינדער צום נייעם „זמן". וואַרטסט, אַז אַן אַנדער מלמד זאָל זיי צונעמען?...

— קיין תירוץ נישט. אַ סוכה מוז מען דאָך שטעלן. צו די קינדער וועל איך זיך איבערגיין חול המועד.

די אַלטע פלעגט זיך אויף אים נישט וועלן פאַרלאָזן און צו אַנדערע בעלי בתים פלעגט זי אַליין אַריינגיין און מאַכן אַ טענה וועגן די קינדער אויפן נייעם „זמן".

טאָמער פלעגט עמיצער אונטערקומען און וועלן ישראל־מאירן צו־העלפן ביים צושלאָגן אַ ברעט, אַ לייסט — פלעגט ישראל־מאיר נישט לאָזן:

— וואָס אַרט אייך, כ'וועל שוין אַליין זיך אַן עצה געבן. כ'האָב פיינט, אַז מען מישט זיך מיר אַריין.

דעם טאָג פון ערב סוכות פלעגט די אַלטע אויך האָבן אַן אַרבעט אין דער סוכה: באַהענגען די ווענט מיט ליילעכער.

יוי נאָר ישראל־מאיר קומט פון בית המדרש רופט ער גלייך אוים:

— נו, דבורה, ליילעכער! אַ טישטוך אויפן טיש!

— שוין? אַזוי פרי?

— וואָס דאַרף מען אַפּליגן?

— אפשר בענטשן שוין ליכט?...

— זי מיינט טאַקע, אַז היינט האָבן מיר אַזאַ גרויסן טאָג ווי אין תמוז. גיב אַ קוק אין לוח, וועסטו זען מיט וויפיל דער טאָג איז שוין קלענער.

פלעגט נישט העלפן דבורהס אָנוועקמאַכן מיט דער האַנט און אירע אַפּלייגענישן — זי האָט געמוזט פאַר אים אין די אויגן אַרויסנעמען פון קאָמאָד אַ צוויי־דריי ליילעכער און אַריינגיין אין סוכה.

און אַז די ווענט פלעגן שוין זיין ווייס פאַרהאַנגען, אויבן דער סכך אַרויפגעלייגט, אַ שטריקל צום טירל, אָנשטאָט אַ קייטל, צוגעבונדן, אַ טישטוך אויפן טיש אויסגעשפּרייט — דאַמאָלס רופט זיך אָפּ ישראל־מאיר צו דער אַלטער מיט אַ טאָן פון הנאה:

— נישט צו פאַרזינדיקן. אַ גאַנץ לייטישע סוכה. אַ פיינע סוכה! אין שטעטל האָבן זיך געפונען לצים, וואָס פלעגן חוזק מאַכן.

בערל דער גבאי, למשל, קומט צו מיט אזא טענה:

— ר' ישראל־מאיר! איין ברעט איז, דאכט זיך, גבוה מעשרים אמה...

גדליה דער רופא ווידער זאגט כלומרשט מיט התפעלות:

— אייער סוכה, ר' ישראל־מאיר, איז א חנדל אין גאס! איר זייט א גאנצער ארכיטעקט!...

— עט! — גיט ישראל־מאיר א מאך מיט דער האנט, — א דאגה האט איר. קוקט נישט!

און ביי זיך אבער טראכט ער, קוקנדיק אויף דאס הויכע ארויס־סטארטשענדיקע ברעט: „טאקע א שאד, מען וואלט געקאנט אביסל אפזעגן"...

און צו דער אלטער זאגט ער בשעת מעשה מיט תרעומות:

— ווען דו וואלסט מיר נישט גענודזשעט, וואלט איך דאס ברעט אפגעזעגן. עס איז דאך א סוכה!

---

א גאנץ סוכות פלעגט ישראל־מאיר שעפן נחת פון זיין סוכה. ביים עסן פלעגט מיט אים צוזאמען זיצן די אלטע, ווייל קיין קינדער זיינען אין דער היים נישטא: אלע צעזייט איבער דער גרויסער וועלט. מעבר לים. פלעגט ישראל־מאירן זיין אומעטיק צו זיצן אייגער אליין אין סוכה און איר — אין שטוב.

אז אין דרויסן פלעגט זיין א שיין וועטער, ווארעם, פלעגן זיי ביידע אפזיצן ביים עסן שעהן־לאנג. ישראל־מאיר זאגט אויף א הייזעריקן ניגון אלע אושפיזינס און זי, די אלטע, פארטיפט זיך אין אירע „זאגעכצן".

אין סוכה מאכן זיי א סך הכל פון זייערע יארן.

ישראל־מאיר דערמאנט די קינדער:

— עך, — זיפצט ער אפ, — אמאל זיינען אנדערע צייטן געווען. אין סוכה איז געשטאנען דער לאנגער טיש. ארום טיש — דאס גאנצע הויזגעזינד. ווער ווייסט, צי די קינדער זיצן „דארטן" אין א סוכה?

און די אלטע האלט אים אונטער:

— „דארטן" אין א סוכה! ווער ווייסט, צי זיי ווייזן זיך כאטש אמאל אין א מקום קדוש? מ'דערציילט, אז „דארטן" פאסט מען נישט אפילו אום יום כפור!

— אז מען האדעוועט זיך „דארטן" אן א טאטן, אן א מאמען... — ענטפערט ישראל־מאיר — נישטא וועמען צו פאלגן...

אין א ווײַלע ארום רעדט ווייטער די אלטע מיט א פארזארגטער מינע:

— מ׳דערציילט, אז ווי נאר מ׳פארט אריבער דעם ים, ווערט מען שוין א גוי... „דארטן״ זיינען אלע אזוי. איינער לערנט אוים דעם אנ־דערן. וואס דארף מען האבן מער. נעם, למשל, בעניע מרדכי־וועלוולס. דא, דאכט זיך, א זיידענער בחור געווען. שטענדיק פלעגט ער זיך שאקלען איבער דער גמרא. און „דארטן״ — א שיינער נחת פאר טאטע־מאמע: האלט אפן די קראם אום שבת!

— ווער וויים, — גיט זי צו, — צי אונזערע בנים ארבעטן נישט אום שבת?

— ניין, ניין, איך גלויב דאס נישט, — ענטפערט ישראל־מאיר, — בן־ציון געווים נישט. ביים געזעגענען זיך האט ער מיר געגעבן א ווארט, אז ער וועט אום שבת נישט ארבעטן. און חיים... חיים, זעסטו, וויים איך נישט. ער איז דא אויך נישט געווען קיין גרויסער מר בר רב אשי... זיין קאפ איז אים אין די טרייפענע ביכלעך געלעגן...

— אין קיין סוכה זיצן זיי ביידע נישט! — רופט אוים די אלטע מיט זיכערקייט — בן־ציון איז אויך אנדערש געווארן.

ביידע פארטראכטן זיך. די אלטע נעמט פאמעלעך דעם פארטוך צו די אויגן און ווישט אפ א טרער...

ער באמערקט עס און רופט אוים מיט א באפעלערישן טאן:

— אין סוכה וויינט מען נישט! יום טוב!

זיינע ווערטער האבן אבער קיין פעולה נישט געהאט. פון די אויגן האבן ביי דער אלטער דבורה נאך מער טרערן גענומען רינען און זי האט זיך מיטן פארטוך דאס פנים פארשטעלט. ער אליין, ישראל־מאיר, קאן אויך נישט פארטרייבן די טרויעריקע מחשבות, וואס פאראומערן אים די נשמה יתירה פון יום טוב. עס קומען אים פאר די אויגן בילדער איינס נאכן אנדערן, ווי אזוי ער פלעגט אמאל ימים טובים פראוועג — בעל־הבתיש, פריילעך, רחבותדיק. פרנסה איז געווען בשפע. פון מלמדות נאך נישט געוווסט. זי, דבורה, איז געווען יינגער און געפירט איר שניט־קראם. אלע פויערטעס פון די ארומיקע דערפער האבן זי גוט געקענט און פלעגן קומען געבן צו לייזן פאר קאלירטע סיצן אויף קליידער און יאקעס, פאר רויטע און גרינע קאפ־טיכלעך צו די חגאות. היינט אבער...

לסוף גיט זיך ישראל־מאיר א כאפ אויף ווי פון הינער־פלעט:

סטייטש, יום טוב! וואס קריכן אים אזעלכע רעיונות אין קאפ אריין! ער שטרענגט זיך אן, קנייטשט דעם שטערן, און מיט א באזונדער מין דבקות הויבט ער אן זאגן עפעס פון ספר ארוים. אזוי ארום צעטומלט ער זיינע אומעטיקע מחשבות און זיי צעשווימען ווי רויך.

צו ישראל־מאירן אין סוכה פלעגט זיך ווייזן א גאַסט: אפרים־זאב דער מלמד. דאָס איז זיינער אַ ידיד שוין מכמה יאָרן. גאַנץ אָפט פאַר־זיצן זיי זיך אין בית המדרש שפּעט נאָך מעריב אין אַ מזרח־ווינקל און דערציילן זיך אויס די הערצער זייערע. און אַז דער גאַסט קומט סוכות צו ישראל־מאירן, איז אים דבורה מכבד מיט אַ גלעזל משקה און מיט אַ טעלער צימעס צום פאַרבייסן. זי ווייס, אַז אפרים־זאב איז נעבעך אַ קבצן אין זיבן פאַלעס און ווער ווייס ווי אַזוי ער האָט דעם יום טוב „צונויפגעשטוקעוועט"... דער גאַסט לאָזט זיך כלומרשט בעטן:

— צו וואָס, דבורה־לעבן... זאָלט איר געזונט זיין...

— עסט, עסט געזונטערהייט... זאָל אייך וויל באַקומען... איך ווייס נישט, צי דער צימעס האָט זיך מיר איינגעגעבן... ער איז מיר נישט אַרויסגעקומען אַזוי פאַרברוינט ווי עס קער צו זיין...

דער גאַסט עסט און באַלעקט זיך ממש:

— וואָס רעדט איר... מעדנים... הלוואי וואָלט מיין רחטשע אָפּגע־קאָכט אַזאַ צימעס...

— וואָס שייך... — באַמערקט דבורה, — רחטשעס צימעס מוז אויך זיין אַ געראָטענער...

— כע־כע... — שמייכלט אין די וואָנצעס אפרים־זאב, — מיין רחטשע האָט לגמרי קיין צימעס נישט געמאַכט... אויף אַלץ האָט שוין נישט געקלעקט... נאָר געלויבט השם יתברך דערפאַר...

— טאָ עסט, עסט געזונטערהייט... — איז דבורה שטאַרק צופרידן וואָס זי האָט אַזוי אַריינגעטראָפן מיט איר צימעס.

דער גאַסט פאַרזיצט זיך געוווּג שפּעטלעך אין דער סוכה — ביז מנחה־צייט. ביידע מלמדים שמועסן וועגן פאַרגאַנגענעם „זמן", וועגן די „יורקעס", וואָס האָבן קיין ברעקל דרך ארץ נישט און ממילא קיין „פּעו־לה" נישט... און ווי תמיד קומט מען אַרויף אין שמועס אויף די אַמאָ־ליקע „גוטע צייטן"...

ישראל־מאיר פרעגט אויך דעם גאַסט מבינות אויף דער סוכה:

— וואָס זאָגט איר צו מיין סוכה?

— נישקשה, — ענטפערט אפרים־זאב, — אבי דער וואָס אין הימל זאָל געבן געזונט.

— כ'מיין, אַ גאַנץ פיינע סוכה, האַ? — וויל ישראל־מאיר האָבן אַ גאַנצע הסכּמה. — אַ גאַניק מיט אַ פליגל איז עפּעס אַנדערש; אָבער דאָס איז דאָך אַ געמאַכטע סוכה!

— יאָ, יאָ, אַ פיינע סוכה, — גיט אים נאָך אפרים־זאב, דערפילנ־

דיק, אַז יענעם גייט עס אין לעבן, — אַ גאַנץ נישקשהדיקע סוכה. איר אַליין האָט זי געמאַכט?

— אַליין, אוודאי אַליין! — ענטפערט ישׂראל־מאיר מיט אַ באַזונדער שטאָלצקייט און באַפרידיקונג.

---

איז אָנגעקומען אַ שלעכטער סוכות.

אָנגעהויבן האָט עס זיך פון איר, פון דער אַלטער.

אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, האָט זי זיך אין בעט געלייגט, עטלעכע וואָכן קראַנק געווען און די אויגן צוגעמאַכט.

אייביק לעבט נישט אַ מענטש.

איז ישׂראל־מאיר געבליבן איינער אַליין אויף גאָטס וועלט און נישט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. פון דעמאָלט אָן — געווען איז עס אין מיטן זומער — איז ער עלטער געוואָרן אויף אַ סך יאָרן. די באָרד איז אים אינגאַנצן ווייס געוואָרן; די אויגן טיפער איינגעזונקען אין שטערן, און אויף זיין גאַנצער מראה האָט זיך אויסגעגאָסן אַ טיפע מרה שחורה.

אין טאָג פון יום כפור איז ישׂראל־מאיר געוואָרן אויס מענטש. עטלעכע מאָל האָט ער אין מיטן די תפילות זיך אַ זעץ געטאָן, גלייך ווי די קני וואָלטן זיך אים אונטערגעהאַקט, און מען האָט אים געמוזט געבן צו דער נאָז אַ פלעשעלע חלשות־טראָפּנס.

ר׳ ישׂראל־מאיר האָט געפילט בחוש, ווי די כוחות פאַרלאָזן אים, און אַלע יידן איינגעהילט אין די טליתים, זייערע קולות און בכיות זיינען אים עפּעס פרעמד געווען.

די נאַכט פון מוצאי יום כפור האָבן ביי אים אַ פּאָר מענטשן גענומען געמוזט נעכטיקן: ר׳ אפרים־זאב דער מלמד און ר׳ איטשע, דער שמש פון סענדערס בית המדרש.ביידע זיינען געזעסן נעבן זיין בעט און זיך צוגעהערט צו זיין שווער אָטעמען. אַ גאַנצע נאַכט האָט ישׂראל־מאיר קיין אויג נישט געקאָנט צומאַכן.

— וואָס וועט זיין מיט מיין סוכה?... — האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן, זיך אויסדרייענדיק מיטן פּנים צו די בייזיצערס.

— וואָס דאגהט איר! — האָט אפרים־זאב געענטפערט, — איר וועט עסן אין מ יי ן סוכה. שטייט נאָר אָקאָרשט אויף פון בעט.

— פאַראַיאָרן איז אַנדערש געווען... — האָט ישׂראל־מאיר אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגערעדט פאַרטראַכט.

אפרים־זאב האָט אים געטרייסט:

— איר וועט זיך אויסרוען, צו זיך קומען. נישקשה, איר וועט עסן ביי מיר אין סוכה. אדרבה, עס וועט זיין פריילעכער.

און באמערקנדיק, אז ישראל־מאירס איינגעפאלן פנים ווערט גאר־נישט אויסגעלייטערט, האט ער צוגעגעבן:

— ר' ישראל־מאיר, איר דארפט גארנישט ארייננטראכטן אין דעם בוראם מעשים. ע ר ווייס בעסער ווי אזוי צו פירן די וועלט!

— אז עס טראכט זיך אליין — האט זיך ישראל־מאיר פארענטפערט — עס גייט צו סוכות. קיין סוכה נישט מאכן?!...

צומארגנס איז נאך ישראל־מאיר דעם גאנצן טאג צו בעט געלעגן. דעם צווייטן טאג האט ער זיך דערשפירט א ביסל קרעפטיקער. דורך די קליינע שייבלעך פון זיין כאטע האט ארייננגעקוקט א שיינער העלער טאג פון גאלדענעם הארבסט. ער איז אויפגעשטאנען אן אויפגעהייטער־טער און אין בית המדרש אוועק. אויפן וועג צום בית המדרש האט ער געזען, ווי נעבן יעדער שטוב האט מען זיך מתעסק געווען מיט די סוכות און ביי אים אין הארצן האט זיך אויפגעוועקט א טיף געפיל פון קנאה.

צוקומענדיק נעבן זיין שטיבל, האט ער זיך א ווייל אפגעשטעלט און זיך צוגעקוקט צו די צוויי סלופעס, וואס שטייען גרייט פון יאר צו יאר, און אים האט זיך אויסגעוויזן, ווי זיי װאלטן אים געפרעגט: „נו, וואס ווארטסטו? ווילסט אונז מיט קיין מצווה נישט מזכה זיין?"...

טיף אין הארצן האט זיך ביי אים עפעס א וועק געטאן און ער איז אריין אין שטוב מיט דער פעסטער דעה זיך צו נעמען צו דער סוכה. „אן עבירה, — האט ער זיך געטראכט, — צו ברעכן א מנהג, נעבן יע־דער שטוב א סוכה, און דא... פונקט ווי די שטוב וואלט קיין יידישע נישט געווען"...

ישראל־מאיר האט בחפזונדיק אפגעגעסן אנבייסן, אויסגעזוכט די האק און איז אויפן בוידעם ארויף.

אויפן בוידעם אבער איז ער פלוצלונג שטיין געבליבן א צעמישטער. הענט און פיס האבן אים אנגעהויבן צו טרייסלען. די האק איז אים פון האנט ארויסגעפאלן:

אויף א שטאנג איז געהאנגען א י ר ס א קלייד... דאס דאזיקע קלייד האט דבורה געטראגן דאס לעצטע יאר פארן טויט און אים האט זיך בעת מעשה אויסגעדאכט, אז זי אליין שטייט פאר אים...

ער איז ווי געליימט געווארן און שוין גארנישט געקאנט טאן. ער האט אנגעשטרענגט דאס לעצטע ביסל כוחות און איז מיט וואקלדיקע טריט פון לייטער אראפ.

מיט א פינסטער פנים איז ער צוריק אין שטיבל אריין. אין די אויגן

איז א פארגליווערטע שרעק געבליבן. אים האט זיך כסדר געדאכט, אז פון אלע ווינקעלעך שפירט אים נאך עפעס א מוראדיק - שווארצער שאטן — — —

---

אזוי איז אנגעקומען דער טאג פון ערב סוכות און ישראל־מאיר איז געבליבן אן א סוכה.

פארנאכט, אז אין אלע פענסטער פון גאס האבן אנגעהויבן צו גלאנצן יום־טובדיקע פייערלעך, איז ישראל־מאיר מיט אן אראפגעלאזטן קאפ אין בית המדרש אוועק. דעם גאנצן מעריב איז ער געשטאנען אין א ווינקל ווי א דערשלאגענער. אויפן הארצן האט אים געדריקט א שווערער בארג און ער האט זיך געפילט אזוי עלנט, אזוי פרעמד! אלע מתפללים זיינען אים געווען אזוי ווייט. זייערע שיינענדיקע פנימער, די יום־טובדיקע מלבושים האבן אין אים דערוועקט א זינדיק געפיל פון קנאה. „נאך מעריב — האט ער זיך געטראכט — וועלן אלע גיין אהיים צו ווייב און קינד... יעדער אין זיין סוכה... ער אבער... ער האט שוין ניט קיין ארט אויף דער־וועלט"...

נאך מעריב איז צו אים צוגעגאנגען אפרים־זאב און מיט א ברייטלעכן „גוט יום טוב!" אים די געדאנקען איבערגעריסן.

— קומט, ישראל־מאיר! — האט יענער אים פארבעטן.

ישראל־מאיר האט אים אנגעקוקט מיט תמעוואטע בליקן.

— המ... — האט ער געשטאמלט.

— קומט, ר' ישראל־מאיר! קומט צו מיר אין סוכה!

ישראל־מאיר האט בעת מעשה טרויעריק א שמייכל געטאן. די אויגן זיינען האבן א גלאנץ געטאן אנטקעגן די ברענענדיקע ליכט פון בית המדרש מיט א מאדנער פייכטקייט... אין האלז איז אים עפעס א ווארט שטיין געבליבן...

— קומט! — האט יענער נאכאמאל איבערגעחזרט און ישראל־מאירן פארן ארבל גענומען ציען.

ישראל־מאיר איז אים שווייגעוודיק נאכגעגאנגען ווי אן אורח נאך א רייכן בעל־הבית, און אין קאפ זיינען אים אויפן וועג געקראכן פיינלעכע מחשבות:

„ווער ווייס... אפשר... אפשר דאס לעצטע יאר... אין א פרעמדער סוכה" — — —



און ווער ס'איז יום־טוב פארבייגעגאנגען ישראל־מאירס כאטקע, האט זיך אפגעשטעלט קוקן אויף די צוויי סלופעס, וואס זיינען געשטא־נען א ביסל איינגעבויגן, פאראבלט, ווי מצבות... און אפילו יענע, וואס פלעגן זיך תמיד וויצלען איבער ישראל־מאירס סוכה, האבן אצינד מיט די פלייצעס געקוועטשט און אמתדיק באדויערט:

— עפעס א שאד, עס פעלט עפעס אין גאס.

טאמער פלעגט אפילו פאלן פון עמיצן א וויץ, איז ער געווען אדורכ־געוועבט מיט א טרויער:

— נישטא מער ישראל־מאירס חנדל!

— די צוויי סלופעס שטייען נעבעך אן א קנעלונג...

און יעטוועדער האט ביי זיך געטראכט:

„וואס עס ווערט פון א מענטשן!" — — — —

ווארשע 1935

# יואל דער שוחט

יואל איז געווען אַ ייד פון עטלעכע־און־זעכציק. אַ נידעריקער, מיט אַן איינגעבויגענעם קאַרק; אַ שמאָל־ביינערנער פּנים מיט אַ שפּיציק, שי־טער בערדל, דורכגעוועבט שוין מיט גרויע האָר; די וואָנצעס אָפּגעשוירן גלייך מיטן מויל. אויגן גרויע, שאַרפע זיינען געזעסן טיף פאַרגראָבן אונ־טערן פאַרקנייטשטן שטערן און האָבן אַדורכגענומען מיט זייער שאַרפ־קייט.

געלעבט האָט יואל פון דעם, וואָס יעדע וואָך פלעגט ער „עפּעס" באַ־קומען פון „שטאָט". מיט יאָרן צוריק — ווען ער האָט זיך נאָך געפילט יונג און קרעפטיק און דער רוקן איז נאָך נישט געווען איינגעבויגן, די אויגן האָבן נאָך קלאָר געזען און די הענט האָבן נאָך נישט געציטערט — איז ער געווען שוחט אינם שטעטל, און ווען ער האָט אויפגעהערט טויגן דערצו, האָט „שטאָט" באַשטימט אים „עפּעס" ארויסצוגעבן יעדע וואָך.

בטבע איז יואל געווען אַ שטילער, אַ ייד אַ שתקן, האָט פיינט גע־האַט סתם אין דער וועלט אריין צו ריידן אָדער שמועסן מיט עמיצן און האָט קיינמאָל מיט קיין וואָרט קיינעם נישט אָנגערירט. ער האָט זיך אַפילו פאַר קיינעם נישט געקלאָגט אויף דעם, וואָס ער מאַטערט זיך אין דחקות און קומט־אָפּ דאָס רוב מיט ברויט און וואַסער... ער פלעגט שטענדיק אריינקלערן און קיינמאָל נישט דערגיין, ווי אַזוי קאָנען עס מענטשן אָפּריידן אַ האַלבע שעה נאָכאַנאַנד וועגן זאַכן, וואָס זיינען נישט געשטויגן — נישט געפלויגן.

די גאַס פלעגט יואל שטענדיק דורכגיין מיט אַן אומגעוויינלעכער געשווינדקייט — כאָטש דאָס פלעגט אים שטאַרק פאַרמאַטערן און ס'פלעגט אים שווער זיין צו אָטעמען, — גלייך ווי ער וואָלט תמיד מורא געהאַט טאָמער פאַרשפּעטיקט ער. און גייענדיק פלעגט ער שטענ־דיק קוקן אויף דער ערד. אים האָט קיינמאָל קיין חשק נישט אָנגענו־מען אָפּצושטעלן זיך ביי אַ „רעדל" און אויסהערן, גלייך ווי ער וואָלט

קיין שום זאך גאר ניט דערוואַרט, — איז וואָס־זשע איז די נפקא מי־נה?... אַז עמיצער פלעגט אים פאַרבעטן צו אַ שמחה, פלעגט ער זיך נישט אָפּזאָגן: ס'איז דאָך אַ מצווה־זאַך. קומען פלעגט ער שטענדיק דער לעצטער, כדי אויסצומיידן די שחות חולין פאַרן אָנהויב און כדי נישט אויסצוהערן די אַלע אויספּרעגענישן און גערייִדערייען. און אַז ער פלעגט זען, אַז עס האַלט שוין ביים סוף, פלעגט ער צוגיין צום „בעל שמחה", אים אַ זאָג טאָן אין דער גיך עטלעכע אָפּגעהאַקטע ווערטער און אַוועקגיין דער ערשטער.

אַלע פאַרנאַכט פלעגט יואל קומען אין אַלטן בית־מדרש און דאָרט זיך פאַרזאַמען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אויך אין בית המדרש פלעגט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט קיינעם קיין שמועסן נישט פירן. די גאַנצע צייט, וואָס ער פלעגט דאָרט זיין, פלעגט ער זיצן פאַר־רוקט אין אַן אָפּגעזונדערטן מזרח־ווינקל און אָפּלערנען יעדן טאָג זיין געוויינלעכן „שיעור". געלערנט האָט ער שטענדיק „אין־זיך", מיט אַ משונהדיק ברומען. „ריידן אין לערנען" פלעגט ער מיט קיינעם נישט. אויב עמיצער האָט אים עפּעס געפרעגט אין אַ האַרבער סוגיא, האָט ער געענטפערט קורץ, קאַלט — און יענער פלעגט שוין מער זיך נישט ווענדן צו אים...

יעדן דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט פלעגט יואל זיצן אַ „משמור" אינם אַלטן בית־מדרש. דאָס רוב איז אים דאָרט אויסגעקומען צו זיין אייי־נער אַליין. אַ גאַנצע נאַכט פלעגט ער אָפּזיצן אויף זיין שטענדיקן אָרט ווי אַ צוגעשמידטער, ביי דעם אומעטיק־טונקעלן שיין פון אַ קליין חלבן ליכטל. דאָס בית־המדרש איז אייגגעהילט אין חשכותדיקן טרויער. או־מעטום — אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די ווענט און אויף דער סטעליע — ליגן אויסגעשפּרייט שוואַרצע, מרה־שחורהדיקע שאָטנס. די שאָטנס באַוועגן זיך פאַמעלעך ווי לעבעדיקע באַשעפענישן. די פינסטערע, שוואַר־צע לעכער פונם ווייבער־שטיבל קוקן ווי אויגן פון מוראַדיקע חיות און שרעקן מיט זייער שוואַרצקייט. אַ גרויסע, ריזיק־גרויסע איינזאַמקייט פּילט אָן זיין האַרץ...

און נאָך ריזיקער פּלעגט זיך זיין איינזאַמקייט צעוואַקסן אויף זיי־נע „משמורים" אין די לאַנגע חשוון־נעכט. אַ פאַריתומטער ווינט האָט געוויינט און געיאָמערט הינטערן פענסטער, געריסן די צעפּוילטע שינד־לען פונם אַלטן בית־מדרש־דאַך, אַריינגעריסן זיך דורכן פענסטער, גע־לאָשן דאָס קורץ־אָטעמדיקע פלעמל, וואָס האָט פיבערדיק אָנגעהויבן צו ציטערן און וואַרפן זיך אין אַלע זייטן. רעגן־טראָפּנס האָבן געקלאַפּט מיט אַ מאָנאָטאָנעם ניגון איבער די שויבן און פון דערווייטנס האָט זיך

געטראָגן אַ מאָוימדיק וואָיען פון הינט. דאַמאָלס האָבן זיך די טרויעריק־סטע מחשבות אויפגעוועקט אין זיין מח.

...„כלבים בוכים — מלאך־המות בא לעיר"... — דערמאָנט ער זיך. און וועלנדיק פאַרטרייבן זיינע טרויעריקע מחשבות, הויבט ער אָן צו לערנען אויפן קול, וואָס קלינגט מיט געהיימען פחד אין דער לופטן:

— ת־נ־ו ר־ב־נן האָבן די ר־ב־נן גע־לע־רנט...

און טראַכטן פלעגט יואל רק וועגן דעם, וואָס ער איז עלנט, אָן אַ קינד... ער וועט שטאַרבן — און קיינער וועט נישט זיין, ווער עס זאָל אים די אויגן צומאַכן... קיינער וועט צומאָל נאָך אים אַ קדיש נישט זאָגן... קיין ליכט נישט צינדן פאַר זיין נשמה... קיינער וועט אים קיין מצבה נישט שטעלן און קיין טרער נישט פאַרגיסן אויף זיין קבר... זיין זכר וועט אָפּגעמעקט ווערן... אויף אייביק... אויף אייביק...

ער פלעגט קלערן און וועלן דערגיין, פאַרוואָס א י ם דווקא שטראָפט גאָט מער ווי אַלעמען. אַז מ'שטראָפט, מן הסתם איז ער זינ־דיק. נעמט צו ביי אים גאָט ווייב און קינדער. אפשר האָט ער טאַקע געזינדיקט? אפשר האָט ער אין זיין לעבן פיל עבירות געטאָן? ווער ווייס?

יואל פלעגט זיך פאַרטיפן אין פיל פרטים פון זיינע לאַנג־פאַרגעסע־נע, ווייט־פאַרלוירענע יוגנט־יאָרן, בעת דאָס האַרץ איז נאָך געווען גלוס־טיק און דאָס בלוט האָט נאָך געברויזט רחמנא ליצלן... ער איז געווען יונג, פאַרנאַרישט... אפשר... אפשר זיינען אויף אים פון י ע נ ע ר צייט פאַרשריבן חטאים?...

און מאַכנדיק אַ חשבון־הנפש, פלעגט אים נעמען דריקן די מחשבה, וואָס ער אַליין פלעגט זי תמיד וועלן דערשטיקן, פאַרטויבן: אים האָט זיך געדאַכט, אַז אפשר פון דער צייט, ווען ער איז שוחט געווען, ציט זיך אַ פאָדים פון זיין זינד... ער האָט דאָך דאַמאָלס הונדערטער, טויזנ־טער לעבנס איבערגעריסן... גאָטס הילפלאָזע ברואים, וואָס האָבן גע־לעבט און געאָטעמט, געלעכצט נאָך פרייען רוים און לוסטיקייט — האָט ער די העלזער איבערגעשניטן און זייער לעבן גערויבט... בהמות אין שטאַלן האָבן גאַנצענע נעכט נישט אויפגעהערט צו ברומען און קלאָגן — ער האָט זייערע קינדער אומגעבראַכט... ער פילט איצט, אַז ער האָט עס נישט באַדאַרפט טאָן... כאָטש.... דאָס איז על פי דין...

ער דערמאָנט זיך אָן דעם, וואָס האָט מיט אים געטראָפן אינם לעצטן יאָר, וואָס ער איז שוחט געווען:

איינמאָל פאַרנאַכט האָט אים אַ ישובניק געבראַכט אין אַ קוישל צוויי טויבן צו שחטן — יונגע, ווייסע טויבן. דער ישובניק האָט זיי ביי־

דע אַרויסגענומען פונם קוישל און דערלאַנגט אים איינע צום שחטן. און ווי נאָר ער האָט זי גענומען אונטער די ווייסע, וואַרעמע פליגל, איר אויסגעבויגן דאָס צאַפּלדיקע העלזל און גענומען אויספּליקן די פעדערן אויף דעם אָרט, וווּ מען באַדאַרף שנײַדן — האָט די צווייטע טויב ביים ישובניק אין די הענט אָנגעהויבן צו צאַפּלען זיך און פּאַטשן מיט די פליגל, מיט אַ ווילדער מורמלערײַ... און ווען ער האָט שוין די איינע אָפּגעפּאַרטיקט און זי אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד, האָט די לעבעדיקע, אין איר שטאַרקער צאַפּלערײַ, פּאַנאַנדערגעריסן אירע פאַרבונדענע פיסלעך און אַוועקגעפלויגן פון ישובניקס הענט. אַוועקגעפלויגן העט־העט אין דער לופטן. ס׳איז געוואָרן אַוונט און דער ישובניק האָט זיך פון איר מיאש געווען. אים, יואלן, האָט עפּעס געקלעמט ביים האַרצן. ער האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן, אַז מ׳האָט נישט באַדאַרפט האַלטן די לעבעדיקע טויב פון אויבן־אויף, זי זאָל נישט קאָנען צוזען וואָס מ׳טוט מיט איר שוועסטער... שפּעט בײַנאַכט, ווען ביי יואלן אין שטוב איז שוין פינסטער געווען און ער האָט שוין געהאַלטן ביים איינשלאָפן, האָט ער דערהערט אַ פלוצלונגדיקן שטויס אין פענסטער. אין אַ ווײַלע אַרום — אַ צווייטן און אַ דריטן... אַ דערשראָקענער איז ער אַראָפּ פון געלעגער און אָנגעצונדן די לאָמפּ. און באַלד ווידער אַ קלאַפּ — ער האָט דאָס מאָל באַמערקט, אַז דאָס איז די טויב, די אַנטלאָפענע טויב... אַלע מינוט איז זי צוגעפלויגן צו די שויבן און ווילד געפּאַטשט מיט די פליגל, געוואָרפן זיך און געברומט, גלייך ווי זי וואָלט איר שוועסטער געמאָנט — — — אַ פּחד איז אים דורכגעגאַנגען איבער אַלע גלידער. און פלאַטערנדיק ווי אַ בלאַט, האָט ער זיך אַ לייג געטאָן אויפן געלעגער און זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. אָבער די אויסטערלישע קלאַפּערײַ האָט זיך פון צייט־צו־צייט איבערגעחזרט — און אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געשטיקט אונטער דער קאָלדרע אין אַ טייך שווייס... אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט די טויב צעברעכן די שויבן און וועט זיך אַרייַנכאַפּן אין שטוב און וועט אים די אויגן אויספּיקן, וואָס ער האָט איר יונגע אומשולדיקע שוועסטער געטויט... איר פרײַ, לוסטיק לעבן איבערגעריסן — — — באַגינען, געדענקט ער, איז שטיל געוואָרן. און בעת ער האָט דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט פון אונטערן צודעק, האָט ער דערזען אַ צעבראָכענע שויב. לאַנג איז עס אים פון זינען נישט אַרויס. תמיד פלעגט ער זען פאַר די אויגן די פלאַטערנדיקע טויב. בײַנאַכט פלעגט אים שרעקן יעדער גערויש, יעדער שאָרך פון ווינט הינטערן פענסטער. „די טויב... די טויב”... — פלעגט ער זיך דערמאָנען. מיט דער צייט אָבער, נישט אַרויסלאָזנדיק דעם חלף

פון דער האנט, איז ער געווארן גלייכגילטיק דערצו. עס האט אים אויפ־געהערט צו קימערן.

— פארוואס, — רעדט ער איצט צו זיך אין דער מחשבה מיט פאר־ביטערונג, — פארוואס האט ער זיך אן דער גאר פארגעסן? פארוואס האט עס אים אויפגעהערט צו ארן? ס'האט זיך באדארפט דערוועקן אין אים א רחמנות. רחמנות צו גאטס לעבעדיקע ברואים, א מורא פאר בלוט... זיי האבן קיין שכל נישט, די עופות און בהמות, זיי ווייסן פון גארנישט; אבער אז מ'פייניקט זיי, אז מ'טוט זיי אן יסורים — פילן זיי, זיי פילן אלצאיינס ווי א בר־דעת... זיי צאפלען און ווארפן זיך ווי א מענטש אין יסורים... גוססן ווי א מענטש... גייען אויס ווי א מענטש... ניין, ניין, מען טאר עס נישט טאן... א זינד איז דאס... א זינד... והא ראיה: כאטש על פי דין מעג מען עס יא, פונדעסטוועגן דערמאנט די גמרא, אז שוחטים און גזלנים זיינען געבוירן געווארן אין איין מזל — מ א ד י ם *) — ביידע פארגיסן בלוט...

א טיפער ווייטיק האט זיין הארץ געפרעסט. ער האט געוואלט מלחמה האלטן מיט זיך אליין, מיט זיינע ביטערע מחשבות; ער פלעגט פארלאזן דעם סטענדער מיטן ספר אויף אים, ארומגיין האסטיק איבערן בית־מדרש, פארקנייטשן דעם שטערן און מיט א גמרא־ניגון ברומען:

— ניין... ניין... מותר... נישט קיין זינד... נישט... נישט...

שטומע נאכט־שאטנס האבן אים נאכגעשפירט אין דער האלב־טונקל־קייט. יעדער טריט זיינער האט דערוועקט א שוידער אין דער שטילקייט...

אין אזא נאכט, אז דער אלטער יאזעף — דער נאכט־וועכטער פון די קראמען — פלעגט זיך קומען אנווארעמען און זיך אפטריקענען פון רעגן, פלעגט ער אנהויבן זיך דרייען ארום יואלן.

— האספאדי באזשע, יאקי דאזשד! **) — רעדט ער, ווי צו זיך אליין, וועלנדיק פארפירן א שמועס מיט יואלן.

יואל אבער ווארפט אויף יאזעפן א שווייגנדיק־כעסיקן בליק. אים פארדריסט, וואס ער, אן ערל, האט א העזה צו קריכן אין א בית המדרש.

— ניע אוזשעש טי סאאושעם ניע באאישסיא טוט־א־קא סאם סיד־זשעטש? ***) — פרעגט יאזעף.

— נו, הא, נו! — ברומט יואל מיט כעס.

יאזעף דערשרעקט זיך.

— יאקי דזשיווני זשיד, — שטאמלט ער, אוועקגייענדיק פון יואלן.

---

*) מארס — א סימן אויף בלוט. **) גאט, ס'ארא רעגן!

***) צי האסטו גאר קיין מורא נישט צו זיצן דא אליין?

פלעגט עמיץ פארבייגייין שפעט ביינאכט דאס בית המדרש, האט ער זיך א ווײַלע אפגעשטעלט ביים טונקל־באלויכטענעם פענסטער, ווו יואל איז געזעסן, און געטראכט: „א משוגענער מענטש... האט גאר נישט קיין מורא... עפעס נישט גלאטיק מיט אים“...

---

ווינטער האבן די פיינלעכע געדאנקען נישט אפגעלאזט יואלן אין די עלנטע לאנגע נעכט, זומער — אין די אומגעהויער־גרויסע פרימארגנס.

באגינען, ווען די זון גייט נאר אויף און צעשפילט זיך מיט איר ליב־טיקייט, פלעגט ער שוין דאס רוב ליגן א שלאפלאזער, מיט ברייט־פאנאנ־דערגעעפנטע, שטאר־פארקלערטע אויגן אויף זיין געלעגער. א לאנגע צייט פלעגט ער זיך ווארפן פון איין זייט אויפן צווייטן און זיך מאטערן איינ־צושלאפן; נאר — גלייך ווי עמיץ וואלט מיט אים א צולהכעיס געפירט — די קישן פלעגט אלע מינוט הייס ווערן און די קאלדרע האט אים גערדריקט ווי א שווערע משא. און ליגנדיק אזוי א שלאפלאזער, א מי־דער, פלעגט זיך פאר אים עפענען א תהום פון כלערליי צעטראגענע, צע־מישטע רעיונות:

...אין נסיון שטעלט אים גאט... אין נסיון... ער האט אים אראפגע־שיקט אויף דער ערד צו פייניקן... גאט שיקט אן אויף אים אלע פורע־ניותן... עפעס א זינד ליגט אויף אים... א שווערע זינד... זאל זיין, אז ער אליין האט געזינדיקט? זאל זיין, אז דאס איז דער פלעק פון ב ל ו ט?... און אפשר צוליב פרעמדע זינד? זיינע אבות, קאן זיין, האבן געזינ־דיקט... מיט דורות צוריק... פרעמדע זינד — א גאנץ לעבן קאן מען אמאל פאר זיי ליידן... ווער ווייס ווי גרויס זיי זיינען... ער וועט נאך ליידן א סך... זיין גאנץ לעבן... ביזן קבר... ביזן קבר...

— אבער וואס טראכט איך? — כאפט ער זיך אויף פלוצלונג פון זיינע מחשבות, — א י ך בין זינדיק! איך זינדיק מיט די געדאנקען...

און מיט פאראכטונג צו זיך אליין לויפט ער געשווינט אראפ פון זיין געלעגער, ציט ארויף אויף זיך די מלבושים, גיסט אפ נעגל־וואסער און מיט שנעלע טריט גייט ער אוועק צום בית המדרש. קומענדיק אין בית המדרש, גייט ער זיך פריער דורך עטלעכע מאל הין און צוריק פון איין וואנט צו דער צווייטער און רייבט זיך דעם פארקנייטשטן שטערן. נאכ־דעם גייט ער צו צום „עמוד“, לענט אן אויף אים זיין הייסן ווייטיקדיקן קאפ און פארמאכט שטארק די אויגן, אונטערברומענדיק פסוקים אין דער שטיל.

ער דערפילט א טרער זיך קייקלען איבער זיין פנים און ער גייט אפ פונם „עמוד“, זיפצט־אפ און זעצט זיך אויף זיין שטענדיקן ארט. מיט

אַ מרה־שחורהדיקן ניגון הויבט ער אָן צו זאָגן איין קאַפּיטל תהלים נאָכן אַנדערן, — ביז די זון שיינט אַריין דורך די פענסטער און מענטשן הויבן זיך אָן צוזאַמענקומען.

— — — — — — — — — — — —

אין שטעטל האָט מען געפירט וועגן אים אַלערליי שמועסן. ייִנגערע האָבן אים אויסגעלאַכט:

— אַ צער בעלי־חיימניק: עסט נישט קיין פלייש, אַפילו אויף אַ שמחה נישט...

— ער איז אַ בעל־תשובה... צוויי ווייבער האָט ער שוין באַגראָבן... אַ מלאך המות פון ווייבער...

— ער וואָלט נאָך אַ בעלן געווען מסתמא חופּה שטעלן מיט אַ יונג מיידל...

— ער בענקט נאָכן לעצטן ווייב — אַ שיין ווייבל געווען...

טייל ווידער, דער עלטערער דור פונם שטעטל, האָט יאָ געהאַלטן פון אים. פון די דאָזיקע מענטשן האָט מען געהערט וועגן אים:

— אַ שטילער מענטש. רעדט גאָרנישט. אַ שתקן.

— ער איז נישט אַבי־ווער. אַ ייִד — אַ למדן!

— ער איז אפשר פון די ל״ו?... מען קאָן נישט וויסן ווער אַלץ עס דרייט זיך אום אויף דער זינדיקער ערד...

---

יעדן פרייטיק פלעגט יואל נישט פאַרפעלן צו גיין „איבערן שטאָט" נאָך „פּירעלעך", וואָס אַ סך בעלי־בתים האָבן זיך אונטערגענומען אים צו געבן. איטלעכער ווייס אויף געוויס, אַז דאָס געלט גייט אויף אַ „דבר מצוה", און אַז ער אַליין, יואל, איז פון דעם גאָר נישט נהנה. ביים אַריינקומען אין אַ שטוב פלעגט ער כמעט די אויגן נישט אויפהויבן. ער פלעגט אַ שווייגעוודיקער בלייבן שטיין נישט־דרייסט ביי דער טיר און וואַרטן ביז די בעל־הביתטע פלעגט אים אונטערטראָגן די מטבע. דאַן פלעגט ער זיך שנעל כאַפּן צו דער קליאַמקע פון טיר. געקומען ווי אַ שאָטן און אַוועק ווי אַ שאָטן.

האָט אַמאָל געטראָפן אין אַ שטוב, אַז מען האָט זיך צו אים געווענדט מיט עפּעס אַ חוזק, מיט עפּעס אַ הלצה אויף זיין אַדרעס, אָדער מיט סתם פראַגן, איז ער אין כעס געוואָרן. אַ קורצע ווײַלע בלייבט ער שטיין אומבאַוועגט אויף זיין אָרט, טוט עפּעס שטיל אַ מורמל, וואָס קיינער הערט נישט און פאַרשטייט נישט. זיין דאַר פּנים ציט זיך נאָך מער איין בעת־מעשה און באַקומט אַ בלויע פאַרב. זיינע אויגן ווערן גרעסער און שאַרפער. און אויב מען דערלאַנגט אים נישט תיכף די מטבע,

טוט ער זיך א צי ביים דאשעק פונם ברייטן שווארצן היטל, גיט האס־טיק א שפיי אויף דער פאדלאגע און מיט גיכע טריט גייט ער ארויס. אין אזא שטוב ווייזט ער זיך שוין מער נישט. נישט איינמאל ווידער פלעגט טרעפן, ער זאל אריינגיין אין א שטוב, ווען קיינער, חוץ קליי־נע קינדער, איז דארט נישט געווען. דאס קליינוווארג פלעגט זיך דער־שרעקן פאר אים און אויסברעכן אין א געוויין. אויף יואלס פנים האט זיך דאן באוויזן א שמייכל און דאס געזיכט האט זיך ביי אים משונה־דיק צונויפגעדריקט. מיט לאנגזאמע טריט פלעגט ער אנהויבן צוצוגיין נענטער צו די קינדער, כדי צו ווייזן זיי, אז ער וועט זיי גארנישט טאן און אז זיי דארפן גארנישט מורא האבן פאר אים. דאס קליינוווארג אבער, דערזעענדיק, אז יואל שארט זיך צו זיי נענטער, פלעגט נאך מאכן גרע־סערע קולות. יואל פלעגט דאן אין כעס ווערן, פלעגט, ווי זיין שטיי־גער, א שטארקן שפיי־טאן און מיט גיכע טריט ארויסגיין פון שטוב, א קלאפ טוענדיק דערביי האסטיק מיט דער טיר. דעם צווייטן פרייטיק, אז ער איז דארט געקומען, האט אים די בעל־הביתטע אויסגעצאלט פאר פאראכטאגעדיקן פרייטיק, פארן היינטיקן און פאר עטלעכע וואכן שפע־טער...

— כ'וויים נישט וואס מ'טוט, — באקלאגט זיך נאכדעם יענע בעל־הביתטע פאר א שכנה, — די קינדער האבן מורא פאר יואלן. אפזאגן קאן איך אים עפעס נישט...

— כ'וועל אייך זאגן דעם רעכטן אמת, אז איך אליין האב אויך מורא פאר אים, — ענטפערט די שכנה, — גלויבט מיר, נישט אויסגע־רעדט זאל זיין, איך זשאלעווע נישט דעם „פירערל". נאר... א פחד כאפט מיך אן, בעת איך דערזע אים. ס'ארא אויגן! א קינד דארף מען טאקע היטן אריינגיין אין א קאמער, בשעת ער קומט. ער האט א „שלעכט אויג", זאגט מען. קיין אייגן קינד, נישט דא געדאכט, האט ער נישט אויפגעהאדעוועט...

— נישט דא געדאכט, נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד... — פאר־ברעכט די יידענע די הענט און שפייט אויס.

אפילו דערוואקסענע יינגלעך האבן זיך אויך פאר אים געשראקן. אז איין יינגל איז אין כעס געווארן אויפן צווייטן און האט אים גע־וואלט עפעס „אפטאן", פלעגט ער דאס צווייטע יינגל פארנארן ביינאכט אין בית־מדרש, ווען קיינער, חוץ יואלן, איז דארט נישט געווען. דאס ערשטע יינגל פלעגט זיך בגנבה ארויסכאפן אין פארהויז און, צוהאלטנ־דיק פון אויסנווייניק די קליאמקע, פלעגט ער שרייען:

— יואל שוחט וועט דיך באלד שעכטן ! !

דאָס אינעווייניקסטע ייִנגל פּלעגט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, אין גרויסן אַנגסט, צופאַלן צו דער טיר און מאַכן געוואַלטן ביז אין הימל אַריין.

---

אַ בייזער ווינטער איז אָנגעקומען. ביי יואלן אינם שטיבל איז שטענדיק פינסטערלעך און קאַלט. אַ פאַרפרוירענער טרויער הענגט אין דער לופטן. דאָס פענסטער איז מיט דיקע פראָסט־קווייטן פאַרצויגן. בייטאָג מאַטערן זיך קאַלטע בלאַסע זונען־שטראַלן אַריינצודרינגען דורך די פאַרפרוירענע שויבן, נאָר דער פראָסט לאָזט נישט אַריין קיין איין שטראַל אין שטיבל. די אָפּגעבליאַקעוועטע שוואַרצע ווענט זיינען דורכאויס אין פוילע פייכטע שימל־פלעקן און אָטעמען מיט אַ דומפּיקן קראַנקן ריח.

ווען יואל איז אינם שטיבל, ציטערט ער פון קעלט און זיפצט ביטער. דאָס פּנים איז אים מער איינגעצויגן און בלאַס. די אויגן טיפער אין שאַרבן איינגעזונקען. דער רוקן איינגעבויגן ווי אונטער אַ שווערער משא. לויפט ער פון שטיבל, פון דער קעלט. לויפט ער אין בית מדרש און דרייט זיך אום ווי אַ צעמישטער צווישן מענטשן. ער שפּייט כסדר און באַגלייט איטלעכן מיט פינסטערע בליקן, גלייך ווי יעדער וואָלט קענען אים עפּעס אַ פאַרברעך באַגאַנגען. דערקענען מענטשן, אַז עפּעס איז מיט יואלן נישט גלאַטיק; נאָר קיינער וואָגט נישט אים צו פרעגן...

שווערע טעג האָבן זיך אָנגערוקט פאַר יואלן. שווערע טעג און לאַנגע, גיהנומדיקע נעכט... ער פילט בחוש, אַז ער גייט איין, אַז ער ווערט שוואַכער פון טאָג צו טאָג. ער שפּירט, אַז עפּעס שרעקלעכס שטייט גאָר נאָענט פון אים... עמיץ וויל אָן אים נקמה נעמען...

„ואתא מלאך־המות ושחט לש..." — האָט עס אים עפּעס כסדר אין קאָפּ געקראַכן.

אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט ער איין טאָג אַרויסגענומען פון „קאַמאָד" אַ פאַרזשאַווערטן חלף, וואָס אים איז נאָך פון אַמאָל פאַרבליבן, און אים אַוועקגעטראָגן ר' פייוולען, דעם איצטיקן שוחט, במתנה. ער וויל דעם חלף מער אין שטוב נישט האַלטן...

יענער איז געווען פאַרחידושט: ער וויים, אַז יואל האָט אויף אים אַ האַרץ זינט דאַמאַלס, ווען ער האָט זיין פּלאַץ פאַרנומען.

— אַ יישר כח, ר' יואל, פאַר דער מתנה... פאַר וועלכע מעשים טובים, ר' יואל?

— נעמט, נעמט! — זאָגט יואל ווי באַפעלעריש, — אַז כ'בין נישט מער קיין שוחט, באַדאַרף איך מער קיין חלף נישט...

ר׳ פייוול האָט אַ פּיר געטאָן מיטן נאָגל איבערן שאַרף פון חלף און מעשה מבין אַ זאָג געטאָן:

— פול מיט פּגימות...

יואל האָט אויף אים שאַרף אַ קוק געטאָן:

— אַן אמתער שוחט קאָן מאַכן אוים פּגימות... — האָט ער אים אַ שטאָך געטאָן מחמת אַלטן רוגז...

און יואל איז שנעל צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַ טאַפּ געטאָן די מזוזה, אַ קוש געטאָן זיך די פינגער און אַוועק אַ פאַרכמורעטער.

אַז יואל בלייבט איצט איינער אַליין אין בית המדרש ביינאַכט, באַפאַלן אים מאָדנע פּחדים. ווי נאָר דער עולם צעגייט זיך נאָך מעריב, דערשפּירט ער זיך שוואַך און אומרואיק. מיט פּחד־פולע אויגן קוקט ער נאָר צום אָרון־קודש. אים דוכט זיך, אַז דאָס פּרוכת באַוועגט זיך שטיל... עפּעס שרעקלעכס, געהיימעס ליגט דאָרט באַהאַלטן... עפּעס אַ שאַרף דרינגט פון דאָרטן... אָט לויפט אַרויס עמיץ מיט שוואַרצע צעשפּרייטע פליגל, מיט אַן אויסגעשטרעקטן שאַרפן חלף גלייך צו אים — — —

יואל האָט אויפגעהערט צו בלייבן שפּעט ביינאַכט איינער אַליין אין בית־מדרש...

איינמאָל, נאָך אַ לאַנגער, שלאָפלאָזער נאַכט, ווען אַ גרויער, כמורנער פרימאָרגן האָט טרויעריק אַריינגעקוקט דורכן פענסטער, האָט ער זיך געוואָלט פונם געלעגער אויפהויבן און נישט געקאָנט. אַ פאַרמאַטערטקייט האָט ער געפילט אין אַלע אברים און דער קאָפּ איז אים מאָדנע שווער געווען. פאַר די אויגן האָט אים געשווינדלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע שטיבל דרייט זיך אין עפּעס אַ ווילדן שדים־טאַנץ. ער איז קראַנק געוואָרן...

שכנים דערוויסן זיך און פאַרוווייז קומט מען צו יואלן מבקר חולה זיין. זיין געל־טרוקן פּנים מיט די ווילד־פאַרלאָפענע אויגן האָבן אויף איטלעכן אַ פּחד אַנגעוואָרפן. אַז מ׳האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט ער אָנגעהויבן זיפצן און זעלטן אַ מורמל געטאָן עפּעס פון צווישן די ציין, וואָס מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען. די שכנים האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פאַרוווּנדערטע בליקן. אַז עמיצער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ באַמערקונג, אַז דאָ איז פויל, קאַלט און ס׳שאַדט דעם חולה — זיינען די ווערטער געבליבן הענגען אין דער לופטן. קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אָפּגערופן, גלייך ווי נישט וועגן דער קעלט איז דאָ פאַראַן צו ריידן און נישט אַפילו וועגן קראַנקן גופא, נאָר וועגן עפּעס פאַרבאָרגענעס, געהיימעס... אַז עמיץ האָט געבראַכט עפּעס פאַרן חולה אין מויל אַריין צו נעמען — אַ פּעניץ ווייסע חלה, צי אַ גריץ, וואָס אַ שכנה האָט עקס־

טרא אפגעקאכט, — פלעגט זיך יואל צו דעם נישט וועלן צורירן. מ׳האט זוי מורא געהאט אים צוצוריידן דערצו, ארייניצוניטן. פונקט ווי ס׳וואלט דא געלעגן און אויסגעגאנגען א מענטש נישט פון ד ע ר וועלט, נאר פון אנדערע עולמות... האט מען א רופא געבראכט, האט זיך יואל פאר־עקשנט אומגעקערט מיטן פנים צו דער וואנט. און אז אלע אינאיינעם האבן אים געבעטן ער זאל זיך לאזן א „קוק טאן" דורכן רופא, האט ער א ברום געטאן: „מיר איז גארנישט!" און זיך טיפער איינגעגראבן אין קישן. „פארוואס קריכן זיי אהער! — טראכט יואל — ער וויל נישט, אז פ ר ע מ ד ע זאלן שטיין ביי זיין בעט. ער וויל נישט אנקוקן זייע־רע פנימער. פארוואס לאזן זיי אים נישט שטארבן?"...

אלע גייען לסוף אוועק און ער בלייבט איינער אליין. ער גיט זיך איינגאנצן איבער די שווארצע רעיונות, וואס שלינגען אים איין. ער זעט קלאר אין דמיון: ...אט ליגט ער א געשטארבענער אויף דער ערד, אי־בערגעדעקט מיט א שווארצן צודעק... ארום אים ברענען ליכט... צוקאפנס שטייט א קליין יינגעלע... זיינס א יינגעלע... אן אייגן יינגעלע... מיט א בלאס פנימל... מיט בלויע אויגעלעך און בלאנד־געקרויזטע הערעלעך... ער זאגט אין א סידור דעם ערשטן „קדיש"... און וויינט... און וויינט... דעם קינדס ווארעמע טרערן פאלן אראפ איינציקווייז אויף זיין טויטן צוקאפנס... און אים, ליגנדיק אויף דער ערד, ווערט פונם קינדס שוואך, אומעטיק קולכל אזוי באנג און ווייטיקלעך, אבער אויך מילד ווי א טרייסט... אזעלכע זיסע יסורים נעמען אים ארום דעם גאנצן גוף... אים ווילט זיך בעת־מעשה אויפהויבן פון דער פאדלאגע און א גלעט טאן דאס קינד איבערן קעפל, איבער די ווייכע הערעלעך...

— — — — — — — — — —

רייסן זיך ארויס אפגעהאקטע פיבערדיקע ווערטער פון א פיבערדיקן הארץ אין וויסטן חלל אריין. קיינער הערט זיי נישט, קיינער פארנעמט זיי נישט, אחוץ די עלנטע פיר ווענט פונם מרה־שחורהדיקן שטיבל...

---

ציען זיך טעג. שווערע, לאנגע גסיסה־טעג.

יואל ליגט מיט פארמאכטע אויגן און רעדט פון היץ. עס זיצן צוויי „פרושים" פון בית־מדרש ביי זיין בעט און שווייגן על פי רוב.

— נעבעך אן א קדיש... — מורמלט איינער בלחש.

— אן אילן סרק... — שאקלט מיטן קאפ דער צווייטער.

אמאל ווערט יואל ווילד און צעשרייט זיך נישט מיט זיין קול:

— אט איז ער! אין ווינקל... ער האלט מיין חלף!... ער שארפט מיין חלף...

און פארשטעלט זיך מיט דער ציטערדיקער האנט זיין האריקן האלז...

אז איין „פרוש", א דערשראקענער, האט זיך געוואלט ארויסגנבע־נען פון שטיבל, האט ער אויף יענעם אויסגעגלאצט די אויגן און מיט די גאנצע כוחות געשריען:

— ניין, גייט נישט אוועק! נעמט צו ביי אים מיין חלף!!! לאזט אים נישט!!!

און דעם צווייטן „פרוש" האט זיך יואל אנגעהאנגען מיטביידע הענט ארום האלז, ווי וועלנדיק זיך ראטעווען פונם חלף, און יענער, א טויט־בלייכער, האט זיך קוים באפרייט פון אים.

קומען אנדערע קהלשע יידן מיט גרויע בערד און געדיכטע ברעמען, וואס שמעקן מיט בית הקברות־גרעזלעך. אלע ווייסן, אז נישט לאנג וועט יואל שוחט זיך דארפן קווענקלען...

איין פרימארגן האט זיך יואל לחלוטין געביטן. דאס פנים איז אים געל געווארן ווי וואקס, די אויגן האבן באקומען א מאדנעם נישט־ערדישן גלאנץ און די נאז איז אים ווי שפיציקער געווארן. פלוצלונג מאכט ער אויף די אויגן, קוקט, קוקט און פרעגט אין דער שטיל:

— שחטן א בעל־חי איז מותר?

עמיץ רופט זיך אפ:

— סטייטש, ר' יואל? אוודאי, עופות כשרות... מיט א חלף אן פגימה...

— ורחמיו על כל מעשיו... — מורמלט יואל ווי פון חלום און פאר־מאכט צוריק די אויגן.

—ש־ש־ש! — ווינקען זיך איבער די בייזיצער.

מיטאמאל טוט ער זיך א דריי אוים צו די מענטשן, שטעלט אפ אויף איינעם די י ע נ ע ־ וועלטיקע בליקן און רעדט ארוים:

— רופט אים די רגע, כ'בעט אייך!

— וועמען, ר' יואל?

— רופט אהער מיין ייִנגעלע...

— ר' יואל?!...

— רופט אים, בני רחמנים, גיט אים א סידור... מישט אים אויף „קדיש"...

מער האט יואל נישט גערעדט. פיינלעך־שווער האט זיך נאך זיין אטעם געריסן, ווי ביי א „גוסה" נאכן שחטן...

*

געשטארבן איז יואל אין א גרויען כמורנעם טאג. א שרעקלעכער ווינט האט דאמאלס איבער די פוסטע אומעטיקע געסלעך געבלאזן און

די לאָדנס געריסן. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ חורבן. דער ווינט האָט פון די דעכער דעם שניי אַראָפּגעשאַרט און פיל הייזער ביז די פענסטער פאַרשאָטן. אויפן מיטן גאַס זיינען ערטערווייז גאַנצע קופּעס געלעגן.

אַ שטילע לוויה איז געווען. אַ פּאַרנאַכטיקע לוויה. צוואַנציק־דריי־סיק מענטשן, איינגעטוליעטע פון קעלט, זיינען נאָך דער מיטה נאָכגע־גאַנגען. שטיל, שווייגעוודיק, אין קבר־מחשבות פאַרזונקען, האָט יעדער געטאָפּטשעט אין די ווייסע פאַרשנייטע שטעגלעך צום בית עולם־צו. דער עלנט־פאַריתומטער ווינט האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערן, גלייך ווי ער וואָלט עס דער איינציקער דעם טויטן באַוויינט... מיט אַ טרוקענער מסוכנער פייפעריי האָט ער זיך געלאָזט, ווי אַ פאַרצווייפלטער, איבער די וויסטע פעלדער. די לוויה האָט זיך פּאַמעלעך געשאַרט שוין אין דער טונקלקייט פונם טריבן ווינטערדיקן אָוונט. ווו־נישט־ווו זיינען געשטאַ־נען פאַרגליווערטע איינזאַמע ביימלעך, ווי פאַרבלאָנדזשעטע יתומים, אָן טאַטן, אָן מאַמען...

און באַלד אין דער זעלבער נאַכט האָט מען זיך אין פיל הייזער דער־וווסט וועגן יואלס טויט. עמיצער איז פון גאַס געקומען און מיט אַ שטיל־ערנסטער שטים אַרויסגערעדט: „ער" איז שוין געשטאָרבן"... ווי מו־רא האָבנדיק יואלס נאָמען צו דערמאָנען. די שטוביקע זיינען אויף איין אָרט זיך צונויפגעגאַנגען און זיך איבערגעקוקט מיט האַלב־צעשראָקענע בליקן.

— שוין געשטאָרבן?...

— שוין...

— שוין געווען די לוויה?

— געווען.

אַלע זיינען שטום געוואָרן. איטלעכער האָט זיך פאַרטראַכט אין דער פּלוצלונג - געוואָרענער שטילקייט. פון הינטער די שוואַרצע פענסטער האָבן, דוכט זיך, אָפּגעקלונגען טויבע טריט פון די מלווים...

— ש־ש־ש־ש־ש... — ציט איינער אָן די שפּאַנונג, — דוכט זיך שטימען... ש־ש־ש... צדק לפניו — — —

— ניין, — זאָגט דער געקומענער פון גאַס, — דאָס איז דער ווינט. די תלמוד־תורה־יינגלעך זיינען פאַר דער מיטה גאָרנישט געגאַנגען...

דאָס געהער ביי אַלעמען איז אָבער שאַרף ווי אַ שפּיז און שטעכט דורך די ווענט, און איטלעכן קלינגט־אָפּ אַבלדיק־פּאַמעלעך:

— צ־דק ל־פ־ניו יה־לך — — —

# אין אן אלטער קרעטשמע

כצל עובר, וכענן כלה, וכרוח נושבת,
וכאבק פורח, וכחלום יעוף.
(ונתנה תקף)

פרייטיק־צו־נאכט.

אין דער אלטער קרעטשמע איז טונקל און שטיל. די ליכט אין די מעשענע לייכטער האלטן שוין ביים אויסגיין און אין אלע ווינקעלעך ווערט מיט יעדער רגע אלץ מרה־שחורהדיקער, שאטנדיקער. דורך די נידעריקע פענסטער קוקט אריין א שווארצע אומעטיקע אלול־נאכט; און הינטער די פענסטער, אין דער פינסטערניש, ציטערט דער אפשיין פון די צאנקענדיקע ליכט, ווינקט סודותדיק און עצבותדיק, ווי זיי וואלטן ברענען ביי א טויטן צוקאפנס...

ס'איז שוין נאכן עסן. דער אלטער ר' לייזער זיצט אויבן־אן ביים טיש, אנגעלענט דעם קאפ אויף ביידע הענט, פארזונקען אין טראכטעניש. ביי דער זייט נעבן ר' לייזערן זיצט זיין אלטע ביילע איבער אן אפענעם „קרבן־מנחה"־סידור: זי האט נאך אלץ דאס בענטשן נישט געענדיקט. א ווײַלע שעפטשעט זי שטיל, א ווײַלע העכער, — און אין קרעטשמע בלאנדזשעט אום א שטילער אומעטיקער ניגון.

ר' לייזערס פארטראכטע בליקן וואנדערן זיך צום צווייטן עק טיש, צום אייניקל — דאס קליינע יתומהלע, וואס זיצט שטיל און שלעפעריק ביים ברעג טיש, די הענט אונטערן קאפ און דרעמלט. איר פנים שטרייפט זיך אנטקעגן די צאנקענדיקע ליכט. די האר גלאטיק פארקעמט מיט א שרינט אין מיטן און מיט צוויי צעפלעך פון הינטן. אירע אויגן זײַנען האלב־אפן, שלעפעריק־מיד און קלעפן זיך.

— ביילע, — רופט זיך לייזער אן צום ווייב — הייס איר גיין שלאפן. א רחמנות. — און ביי זיך טראכט ער: „פונקט זי, די מאמע אירע, עליה השלום, איז מיידלווייז אויך געווען אזוי שיין"...

ביילע ענדיקט דאס בענטשן, גייט צו צום אייניקל, נעמט זי אן ביים קאפ און וועקט זי:

— ראַכטשע, ראַכטשע, נעם אַראָפּ די כלים פון טיש און גיי שלאָפן.

דאָס מיידל האָט פאַמעלעך דעם קאָפּ אַ הויב געטאָן, ווי זי וואָלט זיך נאָך פריער צוגעגרייט צו דער באַבעס ווערטער, האָט זיך שווייגנדיק אויפגעשטעלט, פויל פון טיש אַראָפּגערוימט און אין אַלקערל פאַרשוונדן.

— ווייסט,ביילע, שוין באַלד ז יי ע ר יאָרצייט... דריי טעג נאָך ראש השנה...

— עך... אַ ימים נוראים געווען... שוין פינף יאָר געוואָרן... — רופט זיך אָן ביילע מיט אַ זיפץ.

— אַז גאָט ברוך הוא איז זיך נישט נוקם אָן די רשעים... ער לאָזט זיי אומגיין פראַנק און פריי אויף זיין ערד...

— נישקשה, לייזער, בלוט שווייגט נישט... עס שרייט פון דער ערד...

ביידע זיינען פאַרשווינגן געוואָרן. פאַר זייערע בליקן האָט אַדורכגעשוועבט יענץ שוידערלעך בילד : אַ באַנדע צעיושעטע כוליגאַנעס מיט רויטע שכורע פּנימער באַפאַלט זייער קרעטשמע... ס'איז מיטן נאַכט... אַ געשריי... אַ געראַנגל... אַ נאַכט פון גרויל... און שפּעטער... צוויי לוויות אין איין טאָג... די טאָכטער און איידעם...

— — — — — — — — — —

— ווייסט, ביילע, די קרעטשמע איז קוים וואָס זי לעבט... אַ חורבה געוואָרן. דער דאָך לאָזט זיך אַראָפּ און די ווענט בויגן זיך.

— עט, נאַרישקייטן... ט'זיך איצט מישב געווען.

— „נאַרישקייטן" זאָגסטו ? איך זאָג דיר — אַ חורבה. אַז עס גיט אַ בלאָז אַ ווינט, דאַכט זיך מיר, אַז זי פאַלט איין.

— נאַרישקייטן. אונז וועט נאָך די קרעטשמע אָפּדינען... מיין טאַטע־מאַמע האָבן דאָ אויסגעלעבט זייערע יאָרן און מיר וועלן דאָ אויך אויסלעבן.

— עך־כע, מיין נישט, ביילע... נישטאָ קיין אייביקע זאַכן... ס'איז דאָך נישט מער ווי אַ הילצערנער בנין. אַז כ'קוק זיך צו צו דער קרעטשמע, ווערט מיר אומעטיק אויפן האַרצן... אַ חורבה... מ'איז אַליין אויך שוין ב"ה...

ר' לייזער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אויפגעמאַכט די טיר און שטיין געבליבן ביי דער שוועל. אין דרויסן איז אַ קילע נעפּלדיקע נאַכט. די גאַנצע געגנט ליגט אין אַ דרימל פאַרזונקען. פון דערווייטנס ווינקען פייערלעך פון דאָרף: קליינע רויטינקע פייערלעך. עס דערמאָנט זיך עפּעס... אין אַזעלכע קילע נעכט, געדענקט ר' לייזער, פלעגט ער אַמאָל, אין די ייִנגערע יאָרן, זיצן שפּעט אין דער נאַכט און לערנען. ער פלעגט

זיך איינטוליען אין א גראָבן פּלאַשטש און א גאַנצע נאַכט אָפּן לאָזן דאָס פענסטער. אין שטוב איז קיל, מחיהדיק. און אַז מ׳זיצט איינגעטוליעט אין ווארעמען מלבוש, איז אַזוי גוט, אַזוי גוט! עס לערנט זיך גאָר מיט אַן אַנדער חשק. די הייליקע ווערטער צעגיסן זיך איבער די גלידער ווי געשמאַקער וויין. ביי יעדן ציטער פונם ווינטל ווערט באַשאָפן אַרום קרעטשמע אַ שטילער סודותדיקער געהויש, גלייך ווי מלאכים וואָלטן אין דער לופט ארומגעשוועבט און מיט די פליגל געפאָכעט, און זיך צו די הייליקע ווערטער צוגעהערט, און ווי הימלישע שליחים זיי אַוועקגע־טראָגן אויבן, אין די אויבערשטע רקיעים, פאַרן כסא־הכבוד — — —

— לייזער, פארמאַך די טיר. אַ קעלט! — האָט אים ביילע פון די מחשבות איבערגעריסן. ר׳ לייזער איז צוגעגאַנגען צוריק צום טיש.

— דערלאַנג דעם תהלים — בעט ער.

— איצט תהלים? ! — וואונדערט זיך די אַלטע — ביזט דאָך שוואַך. ווי לאַנג ביזטו, נישט היינט געדאַכט, פון בעט אויפגעשטאַנען?

— ניין, ניין! — איז ר׳ לייזער איינגעשפּאַרט — דערלאַנג. עפּעס שווער אויפן הארצן... — און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו:

— כ׳וואָלט אַזוי געוואָלט זיין אין אַ בית־המדרש, צווישן יידן.

ווייסט די אַלטע ביילע, אַז זי וועט ביי אים גארנישט פועלן. פאַר־ווילט זיך אים אַמאָל זאָגן תהלים, מעג עס זיין אין מיטן דער נאַכט, וועט ער פייער אָנצינדן און אויספירן דאָס זייניקע — גייט זי אריין אין אַל־קערל, צום ספרים־שענקל און קומט באַלד צוריק אַרוים מיט אַ תהילימל.

— דו גיי דיר שלאָפן, — באַפעלט ר׳ לייזער.

— און דו וועסט זיצן אַ גאַנצע נאַכט?

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט, דערביי דערמאָנט איר לאַנג פאַרשטאָר־בענע מאַמע און מיט אַ פאַרדאַגהט פנים אין אַלקערל אריין.

---

די פלעמלעך פון די שבתדיקע בענטש־ליכט האָבן זיך לאַנג־לאַנג געראַנגלט, שטום געבעטן זיך און לסוף אויסגעגאַנגען. בלויז אַ נאַפט־לעמפּל גיסט אַ טונקעלן אומעטיקן שיין.

ר׳ לייזערס בליקן זיינען איינגעגראָבן אין תהילימל. ער זאָגט.

אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט — און דאָס הארץ ווערט אָנגעפילט מיט אַ וואַרעם געפיל. די נשמה זינקט אין אַ זיסן תענוג און דער ניגון גיסט זיך פריי, גרינג, מיט אַזוי פיל מתיקות — — —

ס׳איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. ר׳ לייזערס פּנים האָט זיך ביס־לעכווייז מיט אַ טרויער פאַרצויגן. אצינד זאָגט ער פּאַמעלעך, אין דער שטיל, מיט אַ געבראָכענעם ניגון. צווישן איין פסוק און אַנדערן פאַר־

טראַכט ער זיך, הערט זיך צו צו דער אַרומיקער שטילקייט... מאָדנע ווער־טער... עס טראַכט זיך עפּעס...

— הודיעני ד׳ קצי... מאַך מיר ווייסן, גאָט, מיין סוף... און וויפיל איז די צאָל פון מיינע טעג?... וואָרום מיינע טעג זיינען געציילטע און די צייט פון מיין לעבן איז ווי גאָרנישט נעגליכן אנטקעגן דער אייביקייט — — —

זיין קול ווערט פאַרשטומט. די ווערטער זיינען אים אין האַלז שטיין געבליבן. עס זאָגט זיך עפּעס מער נישט...

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן אָפענעם תהלים און איז געבליבן זיצן שטום, ווי אַ פאַרגליווערטער... ווי מאָדנע גיך, דאַכט זיך אים, איז דאָס ביסל יאָרן אוועק... ווי אַ רויך... כחלום יעוף... ווי אַ חלום פאַרשוווּנדן... וכרוח נושבת... ווי אַ ווינט פאַרווייט... אָט, דוכט זיך, גאָר נישט לאַנג — אַ יונגערמאַן... חתונה געהאַט... אָט דאָ אין קרעטש־מע זיך באַזעצט... אַ ראַליע געשפּילט... פּריצים... סעדער... פּאַכטן... נחת פון קינדער...

און אַ בילד שוועבט דורך פאַר די אויגן:

...די קרעטשמע אַמאָל... גלייכע ווענט, ווייס אויסגעקאַלכט, זויבער, רחבותדיק. אַרום טיש זיצט דאָס גאַנצע הויזגעזינד. אַלע קינדער: מאַ־שעלע, עליה השלום... אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל מיט אַ ליכטיקן פריי־לעכן פּנים... צוויי געזונטע יונגע בחורים, ראובקע און בנימין. הויכע ברייט־ביינערדיקע יונגען ווי די לייבן, מיט ברענענדיקע אויגן. אויבן־אָן זיצט ער אַליין, לייזער, ווי אַ שררה, און ביי דער זייט זי, ביילע. אַ יפת־תואר געווען... קעגנאיבער אים, ביים צווייטן עק טיש, זיצן אַ פּאָר אָרע־מע־לייט — אַן אָפענע שטוב געווען פאַר אורחים. דאָס דינסט־מיידל דערלאַנגט איין געריכט נאָכן אַנדערן. ער, לייזער, הייסט געבן אַלע ווייַ־לע די אָרעמע־לייט אַ טרונק בראַנפן און ביסלעכווייז ווערן זיי אויפגעמ־לעבטער: די מרה שחורהדיקע פּנימער ווערן פרייַלעכער, די האַלב־אויס־געלאָשענע אויגן גלאַנציקער און זיי הויבן אָן צו זינגען איין ניגון נאָכן אַנדערן — — —

און היינט?...

אַנדערש... אַנדערש... דאָס רעדעלע האָט זיך אוועקגעדרייט צוריק... די בחורים האָט עפּעס אַ קליפּה ר״ל געצויגן און סוף כל סוף זיינען זיי אוועק אין דער וועלט אַריין: ווייט, מעבר־לים... די איינציקע מאַשעלע, וואָס איז פאַרבליבן אין שטוב — זי איז אַזוי פרי אוועקגעריסן געוואָרן... חתונה געהאַט — אַ גאָלדענעם מאַן גענומען... אַ בחור אַ בן־תורה... אַ קינד געבוירן... אָבער... נישט אויף לאַנג... עס איז אָנגעקומען אַ גרוי־

ליקע נאכט... ווי א שווארצע הארדע זיינען זיי באפאלן די קרעטשמע, די ווילדע רוצחים... און — — — ס'איז זיי איבערגעבליבן א קליין יתומה־לע, וואס געדענקט קוים איר טאטע־מאמע — — א שטילע, ווי א טויב, וואקסט זי, דאס יתומהלע... אין אירע אויגן אזא טרויער, אזא צער... דאס איז, אפנים, דער צער נאך די יונג־פארשניטענע טאטע־מאמע... זינט דא־מאלס איז ער, לייזער, אן אנדער מענטש געווארן... נישט קיין מענטש, נאר א שאטן פון א מענטש... ער האט פארלאזט די מסחרים, פון קיין זאך נישט געוואלט וויסן. קיין שום זאך האט אים מער נישט געארט. ווען נישט ביילע, וואלט ער באלד פון דארף אנטלאפן. ס'איז איר אבער געווען א שאד די קרעטשמע. די פיר ווינקעלעך — די ירושה נאך טאטע־מאמע... זי קאן זיך דערמיט נישט שיידן... איז מען דא געבליבן זיצן און די אויגן אויסגעוויינט — — —

א שטארקער וויי טיק אין ברוסט האט אים פון ארט אויפגעהויבן. אן שום אויסרעכענונג הויבט ער אן צו שפאנען פאמעלעך איבער דער שטוב, זיפצט שווער און בלייבט שטיין ביי דער וואנט, פארן אלטן פארשטויבטן שפיגל. און ר' לייזער דערקענט זיך נישט:

אן אלטער גרויער קאפ. מאטע, אויסגעלאשענע, טיף - איינגעזונ־קענע אויגן. קוים־קוים וואס מ'זעט זיי ארויס פון אונטער די טיפע שארבן־לעכער. דער שטערן אין קנייטשן. די דארע איינגעפאלענע באקן, דאס גאנצע פנים — אלץ אין קנייטשן. טיפע, פינסטערע קנייטשן — —

ר' לייזער הויבט אן פלוצלונג צו שווידערן. אט, דוכט זיך, לאזט ער זיך אראפ אויף דער ערד.

— מ'רופט „אהין"... — שטאמלט ער ארויס מיט ציטערדיקע ליפן.

ער דערשלעפט זיך קוים, מיט וואקלדיקע טריט, צוריק צום טיש.

ער קוקט זיך ארום —

פינסטער, שווארץ זיינען די שויבן. די נאכט קוקט אריין מיט אימהדיקער געדיכטער שווארצקייט. פון ערגעץ־ווו אין וויטן פעלד דער־טראגט זיך א וואיען פון גאנצע טשאטעס הינט. און עס דוכט זיך ליי־זערן, אז עמיץ וויינט הינטערן פענסטער... א באקאנט קול... א היימיש קול... מאשעלעס קול... זי רופט... זי מאנט... זי מאנט אירע יונגע פאר־שניטענע יארן — — — — —

— ביי־לע!!

מיט די גאנצע כוחות האט ר' לייזער דעם ווייבס נאמען אויסגע־שריען. א קאלטער שוויים האט זיין שטערן באשלאגן.

פון קיכל שלייכט זיך ארויס א נידעריק, איינגעהויקערט גופל, איינ־געוויקלט אין א פאטשיילע.

— וואָס, לייזער ? — פרעגט זי דערשראָקן.

ר' לייזער ענטפערט נישט. אַלע גלידער ציטערן, שווידערן.

— וואָס איז מיט דיר, לייזער ? ט'זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גאַנצע נאַכט איבערן תהלים ! אַ גזלן איבער זיך אַליין !

לייזער קומט לסוף צו זיך און נעמט שטאַמלען :

— אַנטלויפן... אַנטלויפן פון דאָרף...

—וואָס איז דיר, לייזער ?

— זע ! — טוט לייזער אַ ווייז אין דער לופטן מיט אַ טרייסלענדיקער האַנט און די ווערטער בלייבן אים שטיין אין האַלז.

— מאַמע האַרציקע, ביזט קראַנק, גיי לייג זיך.

ר' לייזער שטרענגט זיך אָן און נעמט ווייטער שטאַמלען :

— וועסט זען, ביילע... די קרעטשמע וועט איינפאַלן... זעסט... אָדער מ'וועט אונז אויסשעכטן... ווי מאַשעלען מיט דודן... וועסט זען, ביילע... לאָמיר אַנטלויפן אין שטאָט אַריין...

— וואָס האָסטו זיך אַריינגענומען אין זינען ! וואָר אַנטלויפט עס פון די אייגענע פיר ווינקעלעך ?...

— וועסט זען... זי וועט איינפאַלן... מאָרגן־איבערמאָרגן... כ'האָב מורא, ביילע... כ'האָב מורא פאַר יעדן קול ביינאַכט... כ'האָב מורא... כ'קאָן דאָ מער נישט זיין... פאַרקויפן די חורבה — און אין שטאָט אַריין... נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש... בעסער שטאַרבן צווישן יידן...

ביילע איז געבליבן זיצן ביים טיש, נעבן לייזערן, מיט שטומע, פאַרשטאַרטע בליקן. זי האָט זיך טיף איינגעגורעט אין פאַטשיילע און אין דמיון מיט זיך אַליין אַ שמועס געפירט : ...„פאַרקויפן די קרעטשמע ? ווי נעמט מען עס די אייגענע ליבע פיר ווינקעלעך און מען פאַרקויפט ? דאָ איז זי געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן. אירע אבות אבותים האָבן דאָ געלעבט און געשטאָרבן... דאָ, צווישן די פיר ווענט, האָבן אירע מאַטע־מאַמע שמחות געפראַוועט און צום סוף אָט אויף דער פאָדלאָגע, אויף אַ ביסעלע שטרוי געלעגן... דאָ איז איר אייגענע חתונה געווען... דאָ האָט זי קינדער געבוירן און נאָך קינדער שבעה געזעסן — — — ווי קאָן מען עס לאָזן פאַרפרעמדט ווערן ?!”...

— עפּעס אַ שאָד... אַ שאָד... — טוט זי אַ ווייז צו די ווענט.

— „אהין” נעמט מען סיי־ווי נישט מיט... — ענטפערט לייזער...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו :

— אַ לעבן אָפּגעלעבט צווישן גויים — לאָמיר שטאַרבן צווישן יידן... אין שטאָט איז גאָר אַנדערש. מ'הערט אַ יידיש וואָרט... מ'דאַווענט בצבור... אַ קדושה... אַ ברכו... גרינגער צו שטאַרבן...

איבער ביילעס באַקן ציט זיך דורך אַ שנירל טרערן.

— וואָס קלערסטו, לייזער, רק וועגן דעם ?...

— איך וויים... ס'איז נאָנט... איך פיל... וואָלטן כאָטש די קינדער „דאָרט“ אַ קדיש זאָגן...

— „דאָרטן“ קדיש ? זיי וועלן פאַרגעסן צומאָל אַ ליכטל אָנצינדן... אַ זינדיקע וועלט !... ווער טאַטע ! וואָס מאַמע !

און נאָך אַ רגע שווייגן רעדטביילע ווייטער :

— דאָס האָט מען פון קינדער... טאַטע־מאַמע זיינען אַבער אַנדערש... אינגאַנצן אַנדערש... מ'לעבט און מ'שטאַרבט צוליב קינדער... יאָ, יאָ... אָט בין איך יענע וואָך אין שטעטל אויף קבר־אָבות געווען — ס'איז דאָך אלול... האָב איך זיך פון מאַשעלעס קבר גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן. דער חזן האָט געמאַכט אַ „הזכרה“ און איך האָב געוויינט, געקלאָגט, דאָס לעצטע ביסל טרערן פאַרגאָסן... דער קבר איז שוין ב״ה אַרום און אַרום מיט גראָז פאַרוואַקסן... כ'האָב אַלץ גערופן : „מאַשעלע ! מאַש...“.

— מאַמע ! מאַ־מע ! — — — —

ביידנס בליקן ווענדן זיך צום אַלקערל, פון וואַנען דער געשריי האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט.

— אָרעמע יתומהלע... פון שלאָף רופט זי דאָס... — צעכליפּעט זיך די אַלטע אויפן קול און שלעפּט זיך אין אַלקערל אַוועק.

ר' לייזער זינקט מיטן קאָפּ אויפן אָפענעם תהלים און די געל־פאַר־פלעקטע בלעטער ווערן באַנעצט...

— אַנטלויפן פון דאַנען... אַנטלויפן... נישטאָ דאָ וועמען איבערצו־לאָזן... מיר זיינען דאָ די לעצטע...

שפּעטער אַ ווײַלע, ווען די יתומהלע איז איינגעשטילט געוואָרן, איז ביילע צוריק אַרויסגעקומען.

— קום, לייזער. אם ירצה השם נאָך שבת וועלן מיר פאָרן אין שטאָט אַריין... ס'איז דאָך ימים־נוראים... ראש השנה...

זי האָט אים גענומען פאַרן אָרבל און ער איז איר נאָכגעגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט, ביזן שלאָף־באַנק.

—מיר וועלן פאָרן... שוין אויף שטענדיק... — האָט ער גייענדיק געשטאַמלט. און זעצנדיק זיך אויפן ראַנד פון שלאָף־באַנק האָט ער מיט אַ ציטערנדיקער שטים גענומען מורמלען :

— שמע ישראל...

אין דרויסן איז דאָס פינצטערניש נאָך געדיכטער געוואָרן.

וואַרשע, 1934.

# א טויט

## (פון די אַמאָליקע אָקופּאַציע-יאָרן)

נישט פון אַ מענטשנס טויט וויל איך דאַ דערציילן: צו ביליק, צו וואָכעדיק איז עס אין די „רויטע טעג" געוואָרן... און אין דער אמתן, וואָס קאָן עמיצן איבעראַשן אַזאַ קלייניקייט ווי אַ טויט פון אַ מענטשן, ווען דאָס אויער האָט שוין דאָס שרעקלעכסטע געהערט און דאָס אויג — דאָס בלוטיקסטע געזען; ווען אַז מ'הערט עמיצער שטאַרבט, פרעגט מען מיט אַ שמייכל: „ווער פאַרגינט זיך עס אַזאַ לוקסוס אויסצוגעבן מי יודע וויפיל אויף תכריכים?"...

דער טויט פון אַ שטוב-חיה — וועגן דעם וועל איך דערציילן. און דאָס איז אַצינד אַ סך זעלטענער ווי דער טויט פון אַ מענטשן.

I

יאָשע-בערל דער בעל-עגלה איז אַ ייד פון די מיטעלע יאָרן. ברייטע, געזונטע פּלייצעס און אַ פול פּנים מיט אַ רויטקייט אויף די באַקן. אַ קורץ, אָבער געדיכט, בלאָנד בערדל. אין שטעטל איז ער שוין בעל-עגלה אַ היפּש ביסל מיט יאָרן. פאַר דער צייט האָט ער שוין איין ווייב באַגראָבן, גענומען אַ צווייטע און האָט שוין אין שטוב אַ געזינדל פון אַ צען „פאַרשווינדלער", ווי ער אַליין רופט זיי אָן, פון דעם ערשטן און פון דעם צווייטן ווייב.

פאַר זיין צייט זיינען שוין אין שטעטל פיל וואַסערן פאַרגאַנגען. אָרעמע זיינען רייך געוואָרן, רייכע — אָרעם; שוסטערס האָבן דעם וואָרשטאַט אוועקגעוואָרפן, שניידערס — די שער און „זאַלאַסקע" און זיך גענומען צו לופט-זאַכן און אויפגעקומען, און די שענסטע יחוס-שידוכים מיט זייערע טעכטער געטאָן. און, פאַרקערט, ווידער אַ סך בכבודיקע מיוחסדיקע פאַמיליעס זיינען געוואָרן יורדים און זיך איבער שבע ימים איינציקווייז צעשפּרייט. און פון די בעלי-עגלות גופא האָבן זיך שוין כמעט אַלע אויך גענומען צו אַנדערע זאַכן, און איצט איז פון די אַמאָלי-

קע בעלי־עגלות קיינער נישט געבליבן, אַ חוץ יאָשע־בערלען — ער לאָזט די בייטש פון אונטערן אָרעם קיינמאָל נישט אַרויס און פירט נאָך אַלץ „פאַרשווינען" טאָג־איין, טאָג־אויס פון שטעטל אין גובערניע־שטאָט, גלייך ווי איידער ער איז נאָך אויף גאָטס וועלט אַרויס וואָלט מען „דאָרטן" אויסגערופן: „פלוני בן פלוני, יאָשע־בערל בר ישראל, איז מחויב כל ימיו אַ בייטש צו האַלטן"...

אין זיין וואָגן האָט שוין יאָשע־בערל ווער ווייס וויפיל חתנים צו כלות געפירט און כלות צו חתנים. וויפיל יונגע נשמות, וואָס האָבן זיך צו דער פרייער ליכטיקער וועלט געריסן, האָט ער, דער ערשטער, פון ענגן קליינעם שטעטל אַרויסגעפירט און צו אַ קאַביק־רווישיקער באַן געבראַכט... און וויפיל ווידער, פאַרקערט, האָט ער לאַנג־פאַרוואָרפענע, פאַרטריבענע דורכן שווערן האַרטן גורל פאַר הונדערטער, טויזנטער מיילן, איבער לענדער און ימים, ווו זיי האָבן נאָך זייער היים געלעכצט, — וויפיל אַזעלכע האָט ער צוריק אין היימישן שטעטעלע צו זייערע נאָנטע און ליבע געבראַכט... אי פאַר די, וואָס זיינען אַנטלאָפן, אי פאַר יענע, וואָס זיינען צוריקגעקומען, האָט יאָשע־בערל אַ רייץ געהאַט: פאַר די, וואָס האָבן זיך מיט יונגן פייער און בענקעניש לויפן געריסן, איז ער דער ערשטער שריט צום ציל געווען; און פאַר יענע, ווידער, וואָס זיינען צוריקגעקומען — מידע, פאַרמאַטערטע, צעבראָכענע פונם לעבן — פאַר יענע איז ער געווען דער לעצטער שריט צו זייער רו, צו זייער „אַמאָל" — — — — —

אַ פערער איז יאָשע־בערל געווען אַ גענגיטער. דאָס פערדל האָט שוין זיין יעדן ווונק פאַרשטאַנען און פלעגט גיין ווו מ׳דאַרף „ווי אַ מאַשין". ווער רעדט שוין זינט דער שאָסיי איז געוואָרן. אפילו פריער, ווען דער וועג איז געווען רוי און זייער אָפט בלאָטיק, האָט ער אויך געשמט פאַר אַ גוטן פערער און אַלע „פאַרשווינען" פלעגן זיך אַלץ רייסן צו אים אויפן וואָגן, ווייל פאָרן מיט יאָשע־בערל בעל־עגלה איז מען געווען זיכער פון נעכטיקן ערגעץ אין אַ זומפ, ווי עס פלעגט פאַסירן מיט די ניי־אויפגעקומענע בעלי־עגלות, מיט די נישט־געניטע „פריצן", וועלכע וואָלטן זיך בעסער געטויגט צו מלמדות און נישט צו קיין פערד... פלעגט טאַקע יאָשע־בערל שטענדיק האָבן „פאַרשווינען" לרוב און מכל המינים: אַלטע, יונגע, מאַנסביל, ווייבער, ווייבער אָן קינדער און ווייבער מיט קינדער, מיט גרעסערע און קלענערע, אפילו מיט ברוסט־עופהלעך אויפן שויס. ווער עס פלעגט פאָרן אין דער גרויסער שטאָט נאָך סחורה, ווער, נישט דאָ געדאַכט, מיט אַ שווערער מחלה צום דאָקטער — צום גרויסן מומחה זאַמקאָוו. יאָשע־בערל פלעגט זיך זיצן אינם רויטן

קאפטאן אויפן דרענגל, קוקן אויף די טאנצנדיקע פיס פונם פערד און אונטערברומען עפעס א ניגונדל אונטער דער נאז, און אין וואגן איז געוען א גאנצער מיש־מאש פון קאפ־טיכלעך, היטלעך, פאטשיילעס, קאפעליושן, פעקלעך, טשעמאדאנעס און קאסטנס, און דער גאנצער „פאראנדעק" טרייסלט זיך און גרילצט איבערן טראקט מיט א מאדנער רוישעריי.

אמאל פלעגט יאשע־בערל זיין באזונדערס גוט אויפגעלייגט און פלעגט ווילן זיינע „פארשוינען" מיט חכמות און גלייכווערטלעך. טרעפן פלעגט עסביים צוריקפארן, אין א זומערדיקן פארנאכט, ווען ער האט געהאט אויפן וואגן יונגווארג. קיינער פלעגט דאמאלס נישט איילן, נישט טרייבן. דאס פערד פלעגט זיך ווי מיט זיין אייגענעם ווילן שפאצירן דורך די ברייט־בלעטערדיקע בוימער ביי די זייטן פון וועג און דער בעל־הבית זיינער פלעגט דאמאלס דערציילן גבורות און העלדישקייטן פון זיינע ייִנגלשע יארן, וואס פאר א שטיפער ער איז געוען און וואסערע „עובדות" ער האט אמאל אפגעטאן. און איין מעשה האט שוין יעדער „פארשוין" א צענדליק מאל געהערט פון אים. דאס איז אן עפיזאד פון זיין „סלוזשבע" ביי „פאניען", ווי אזוי ער האט זיך נוקם געווען אן אן אונטער־אפיציר, וואס פלעגט פארמאטערן אלע יידלעך אין ראטע אויפן „טורניק" 1), צי ביי דער „קאבילע".

— געוועזן איז עס פון „נאוואבראנסטווא" 2), — פלעגט ער דערציילן, — ווען די היים איז מיר נאך צופיל פאר די אויגן געשטאנען און מיין נייע „היים" איז מיר גארנישט געפעלן געווארן. איך בין אריינגעפאלן צו א „גוטן" לערער פאר א תלמיד און ער האט פארטייטשט די „סדרה" מיט פשטלעך און כלערליי דריידלעך... איטלעכן טאג פלעגט ער מיר צושארן א „נאריאד" 3). דא פלעגט ביי מיר א קנעפל נישט גלאנצן, דא איז די „בליאכע" נישט געוועזן גענוג שפיגלדיק, דא האט דער פארשמאלצענער שלימזלדיקער מונדיר נישט אויסגעזען פויגלדיק. צי ווייס איך וואס נאך — קורץ, ס'האט פאר מיר געקלעקט! איין טאג האט זיך דער אונטער־אפיציר פעסט צו מיר גענומען. געוועזן איז עס ביי גימנאסטיק. וואס איך זאל נישט מאכן, פלעגט ער א געשריי טאן מיט זיין גראבן קול: „אטסטאוויט'!" 4). אז איך בין ארויף אויף די „ברוסיעס" 5) און זיך געשטעלט מיט די פיס ארויף, האט ער די ארומיקע סאלדאטן געהייסן מיך אנכאפן פארן „קארפוס" און — נישט אהין, נישט

1) אייזערנער דראַנג. 2) רעקרוטן־פּעריאָד. 3) שטראָף־דיזשור. 4) אויפהערן, ד. ה. מאַכן נאָכאַמאָל בעסער. 5) פּאַראַלעל־ברוסיעס — געשטעל פֿאַר גימנאַסטישע איבונגען.

אהער: סטייטש, די פיס אויבן זיינען נישט געווען גלייך ווי א סטרונע — „פאַ אוסטאַוווּ"...6). מ'האָט מיך אזוי צוגעהאַלטן, „געגלייכט" און „געלערנט" ביז איך בין שיער נישט צעפּלאַצט געוואָרן פונם בלוט, וואָס האָט מיר געשפּאַרט אין פּנים. דאָס רעדל סאָלדאַטן ארום האָט זיך נאָך איבער מיר גענומען לוסטיק מאַכן, און ווער ס'האָט געוואָלט, האָט א צופּ געטאָן... א צופּ ווי אײנעם איז איינגעפאַלן... און דאָ האָב איך פון אונטן־ארויף באַמערקט — כאָטש די אויגן זיינען מיר מיט בלוט פאַרלאָפן געווען — די פאַרקערטע ווילד־הנאהדיקע צורה פונם טייערן „אוּנטער־אָפיצער" 7) מיינעם. און כ'ווייס נישט פון וואַנען ס'האָט זיך צו מיר אזא כח גענומען — דאָ איז נאָך זכות אבות געווען! — כ'האָב מיר דערלאַנגט אזא האַסטיקן ריס און א וואָרף מיט די „קאַזיאָנע" שטיוואַלעס גלייך צום אונטער־אָפיציר אויף זיין טרייפענעם פּרצוף ארויף... בלוט האָט ביי אים געפּלייצט — ממש ווי פון א קוואַל! איך בין ארויס אומשולדיק און ער — דער „גאָספּאַדין אוטשיטיעל" — אָן פינף ציין... און בעת ער פלעגט נאָכדעם פּרעסן די קאַשע און אַנטרעפן אויף א פעטן ביין, פלעגט ער מיך גוט געדענקען...

און דערציילנדיק די דאָזיקע מעשה, פלעגט יאָשע־בערל בעל־עגלה אַז אַנדער מענטש ווערן. די זכרונות פון יענער צייט פלעגן אים פאַרטראָגן העט־העט אין ווייטן סאַמאַרע און די אויגן פלעגן אַז אַנדער גלאַנץ באַקומען. אין מיטן דערינען פלעגט זיך דאָס פריי־שפּאַצירנדיקע פערד גאָר אָפּשטעלן, גלייך ווי עס וואָלט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דער מעשה פון זיין בעל־הבית...

— נאָ! א נאָ! — פלעגט א „פאַרשווין" דערמאָנען דעם פערד, אַז ס'זאָל זיך צום מענטשן נישט גלייכן און קיין אויער נישט אונטערשטעלן.

דאַמאָלס פלעגט זיך שוין יאָשע־בערל אויך דערמאָנען ווו ער האַלט אין דער וועלט, פלעגט זיך א דריי אויס טאָן צום פערד און אים א התראה געבן מיטן בייטש־שטעקל:

— עי, קאַשטאַן! —

## II

איז אָנגעקומען מלחמה אויף דער וועלט, די „רויטע צייט", ווען פון גאַנצע שטעטלעך און דערפער זיינען געבליבן נאָר חורבות, צעפאַלענע ווענט און הויכע קוימענס און פון מענטשן — סקעלעטן... דער גאַנצער סדר־העולם האָט זיך אומגעדרייט קאַפּויר. און אַט אין דער דאָזיקער

6) לויטן קאָדעקס. 7) לערער.

צייט האָט זיך אויך דאָס רעדעלע ביי יאָשע־בערלען אַ דריי געטאָן גאָר־גאָר אין דער שלעכטער זייט. אַנגעהויבן האָט עס זיך דערפון, וואָס זיין פערד האָט געפונען חן אין די אויגן פון פאַרבייגייענדיקע חיילות און אויף איינער אַ פערד־מאָביליזאַציע האָט אים אַן „אשכנזי" מיט אַ „שפּיץ" אויפן קאָפּ געגעבן פאַרן פערד עפּעס אַ „קוויטעלע"...

— ליבער הער... — האָט יאָשע־בערל זיך גענומען בעטן ביי יענעם מיט אַ געבראָכענעם קול.

יענער האָט זיך אָבער אָנגעצונדן און מיט אַ רויט־געוואָרענעם פּנים האָט ער אַ ברום געטאָן:

— דאַנערוועטער! האַלטס דער טויפל!!

און יאָשע־בערל — אַ דערשראָקענער — האָט זיך געמוזט אָפּטראָגן פון דעם „עמלק"...

לאַנג האָט זיך יאָשע־בערל נאָכן קאַשטאַן טרייסטן נישט געקאָנט. אַ קלייניקייט, אָפּהאַלטן אַ פערד כמה יאָר נאָכאַנאַנד. עס האָט זיך שוין צו אים אַזוי צוגעוווינט און פאַרשטאַנען זיין יעדן ווונק, זיין יעדן ריר. פאַר אַ מהלך ווייט פלעגט עס אים דערקענען און נעמען הירזשען אויף אַ פריילעכן קול. אַ חוץ דעם האָט שוין דער מקח פון פערד געהאַלטן אין „ברענען". דאָס מינדסטע פערדל האָט מען ממש מיט גאָלד גע־וווֹגן. איז ווי זשע דערשלאָגט מען זיך צו אַ נייעם?

יאָשע־בערל האָט אָבער אָן אַ פערד אַ וואָך נישט געקאָנט זיין. ער האָט ווי עס איז צונויפגעפּאַרעט אַ ביסל געלט — אַ בעל־חוב איז ער געוואָרן איבער די אויערן — און די נייע וואָך האָט זיין ברייטער גרוי־סער וואָגן מיט אַ פריש, קליין־געוויקסיק פערדל זיך באַוויזן. צו יענעם, צום קאַשטאַן, איז עס אַ האָר נישט ענלעך — ווי קומט! יענץ איז ממש אַ לייב געווען!

און ווידער האָט יאָשע־בערל גענומען פירן „פאַרשווינען" אויף דעם שאָסיי צווישן שטעטל און גובערניע־שטאָט, און ווידער האָט ער גע־ווילט דעם עולם מיט זיינע גלייכווערטלעך...

— ווי געפעלט אייך מיין נייער בעל־דבר? — פרעגט ער מיט אי־ראָניע זיינע „פּאַרשווינען" וועגן זיין ניי פערדל. — זעט, ס'אַרא לייב, קיין הרע. שפרינגט מיט די פיסלעך ווי אַ זשאַבע...

דערהערט, אַז יאָשע־בערל אַליין מאַכט חוזק פון זיין פערדל, רופט זיך אָפּ פון וואָגן יענטע די קרעמערקע — אַ מויד מיט אַ געשליפן צינגל:

— מיין באָבע, עליה השלום, האָט געהאַט אַמאָל אַ קאַץ, איז זי געווען אַ סך גרעסער פון אים...

און אפרים דער שניט־קרעמער האלט אונטער:

— עפּעס דער „כאַמוט" זיצט אויף אים ווי אויף חייקל דעם משו־געגעם דאָס גרויסע היטל...

— שוין איין מאָל אַן אָדלער! — שאָקלט יאָשע־בערל מיטן קאָפּ.

לאַנג איז יאָשע־בערל מיט זיין ניי פערדל נישט געפאָרן. ער האָט געזען ממש, אַז פון טאָג צו טאָג איז עס איינגעגאַנגען און נאָך קלע־נער געוואָרן... אַז עס דערזעט אַ בערגל פאַר אַ מייל, שטעלט עס זיך אָפּ, אַ בערגל! ס'איז אַ חוזק! ביי זיין אַמאָליקן קאַשטאַן האָט עס קיין שום ווערט נישט געהאַט און ער פלעגט אים איבערלויפן אַקוראַט ווי באַרג־אַראָפּ. יאָשע־בערל האָט פאַרשטאַנען, אַז נחת קאָן ער פון אים אַ קנאַפּן דערלעבן; אַז וואַקסן וועט עס שוין ביי אים אויך נישט, — האָט ער אים געלאָזט אַ ביסל אין שטאַל אויסרוען די קראַנקע ביי־נער זיינע און פאַרקויפט פאַר אַ דריטל געלט.

איצט האָט שוין יאָשע־בערל געזען באַשיינפּערלעך, אַז ער האָט פאַרלוירן דאָס מזל צו פערד. ער האָט אַראָפּגעלאָזט פאַרצווייפלט די הענט און די בייטש אין אַ ווינקל אַנידערגעשטעלט. צו וואָס זאָל ער זיך איצט נעמען? קויפן אַן אַנדער פערד? פאַר וואָס? פאַר די אָפּגע־לייזטע פאַר רובל קאָן ער אפשר קויפן אַ ציג, אָדער די פעל פון אַ פערד... די פרייזן איז איצט גאַרנישט צו שאַצן, זיי וואַקסן פון מינוט. עס רעדט זיך שוין נים וועגן הונדערטער — וועגן טויזנטער האַנדלט זיך שוין! און דאָס צען־נפשותדיקע געזינדל, קיין עין־הרע, וואַקסט, און יעדער נפש האָט אַ מאָגן, און יעדער מאָגן קאָכט און מאָנט ווייטער, קאָכט און מאָנט ווייטער — אַן אומאויפהערלעכע מאַשין!... און דער יקרות וואַקסט אויך, און דער שוואַרצער דלות קריכט, קריכט ווי אַ שווע־רער באַרג און דערדריקט. שיער וואָס די נשמה געזעגנט זיך נישט מיטן גוף. און דאָ ווערט גאָר קראַנק אַ קינד, און דאָ מאָנט מען שכר־לימוד, און דער גייט אַ באָרוויסער, דער אַ נאַקעטער, יענער אָן לייב און לעבן...

אַזוי האָבן זיך וואָכן געצויגן — שווערע פינסטערע וואָכן, אָן אַ שיין פון האָפענונג. גאַנצענע טעג פלעגט יאָשע־בערל אַרומגיין אַ פאַר־מרה־שחורהטער, אַ פינסטערער, אַן איינגעבויגענער. די שווערע משא פון דלות האָט אים נידעריק צו דער ערד געבויגן. פלעגט ער זיצן אין שטוב, פלעגט אים דאָס ווייב קיין רו נישט געבן.

— איז נישט קיין פערד, איז נישט קיין בעל־עגלה! — האָט זי געטענהט, — איז וואָס, דאַרף מען, שונאי ישראל, זיך אויסציען און שטאַרבן?

— טאָ וואָס זאָל איך טאָן? — פרעגט יאָשע־בערל מיט אַן אונ־

טערטעניקן טאָן, ווי אַ חדר־ייִנגל ביי אַ שטרענגן „רבי".

— „וואָס זאָל איך טאָן?" — קרימט זי אים נאָך און גייט שוין אַרויף אויף אַ העכערער אָקטאַווע, — וואָס טוען אַלע? אַלע קוקן אוודאי אויף די ווענט אַזוי ווי דו? מ'פּרוּווט דאָס, יענץ, מען שלאָפט נישט!

— אַז אַ פערד קאָן איך גאָרנישט מאַכן, — פאַרענטפערט זיך יאָשע־בערל.

— דאָס איז די צרה, וואָס מער ווי צו דער בייטש טויגסטו נישט! נישקשה, ביי לייטן אַ מאַנסביל גיט זיך אַן עצה. מען מאַכט עפּעס אַ מסחר, אַ „שמוגל"...

— אַז געלט בין איך נישט קיין בריה... אדרבה, אפשר קאָנסטו באַווייזן אַזאַ קונץ?... אין מיין וואָגן פיר איך אין שטאָט אַריין נאָך סחורה מער ווייבער ווי מאַנסביל...

— דאָס זיינען אַזעלכע ווייבער, וואָס האָבן אַזעלכע שלימזלים ווי דו... — בלייבט אים דאָס ווייב נישט שולדיק קיין ענטפער.

אַזוי האָט זי מיט אים טאָג־טעגלעך צו טאָן, דאָס ווייב זיינע, טערנהט, בייזערט זיך, זידלט און מאַכט אים ענג מיט אירע קולות די לופט. אַמאָל פלעגט ער אַ דערשלאָגענער פון שטוב אַנטלויפן און אַוועקגיין ערגעץ זיך פאַרדינגען אויף טאָג־אַרבעט. צוריקגערעדט, פלעגט ער קלערן, איז זי גאָרנישט אַזוי אומגערעכט, וואָס זי שרייט. וואָס פאַר אַ טאַטע איז ער, אומשטיינס געזאָגט, אַז ער קאָן זיינע קינדער עסן נישט געבן?... און ס'פלעגט זיך אים אַזוי ווילן עפּעס אויפטאָן אַ נייס, וואָס זאָל אַלעמען איבעראַשן — די קינדער, דאָס ווייב און די שכנים. ווען ער גייט, למשל, אַרויס אויפן וועג און דערזעט ווי עס קערט זיך אום צו אים זיין אַמאָליקער קאַשטאַן! — — —

אַזוי פלעגט ער אָפט קלערן ביי דער אַרבעט און די רעיונות פלעגן אים העט־העט פאַרטראָגן. אָבער אומקערן זיך אַהיים פלעגט ער מיט דעם נישטיקן טאָג־לוין, וואָס פלעגט פאַרן געזינדל אויף אַ צאָן נישט קלעקן.

אַמאָל ווידער, בעת ער פלעגט קיין טאָג־אַרבעט נישט האָבן, פלעגט ער פאָרן מיט אַן אַנדער בעל־עגלה אין גובערניע־שטאָט. דאַרפן האָט ער דאָרט גאָרנישט געדאַרפט, נאָר אין שטוב זיצן האָט ער נישט געקאָנט, און אַגב האָט זיך אים פּשוט געבענקט נאָכן וועג, נאָכן פאָרן... יעדער בעל־עגלה פלעגט אים פון רחמנות־וועגן צונעמען פאַר אַ גוטן גאַסט אויפן וואָגן, פלעגט אים נאָך אַנידערזעצן אויף זיין אייגענעם אָרט — אויפן דרענגל — און אים מיט די לייצעס מכבד זיין. דאַמאָלס פלעגט זיך יאָשע־בערל פאַרגעסן וווּ ער איז אין דער וועלט. די רעדער פלעגן

רווישן אזוי פריילעך, אזוי מונטער און אים פארשיכורן מיט זייער רווי־שעריי... אים פלעגט זיך בעת־מעשה דאכטן, אז ער זיצט עס אויף זיין אייגענעם וואגן און אז דאס טרייבט ער איצטער אז זיין אלטן, גוטן קאשטאן — — —

— וויא ! וויא ! — — — —

III

אויפן מארק אבער, ווו אלע אינדערפרי פלעגן שטיין די בעלי־עגלות, איז ליידיק געווען יאשע־בערלס פלאץ און די שטענדיקע „פארשווינען" זיינע האבן געשפירט, אז עס פעלט עפעס דער „קעניג" פון די בעלי־עגלות — יאשע־בערל. און מער פון אלעמען האבן עס געשפירט די יינגערע, די איידעמס, די בעלי־ביתלעך, די יונגע סוחרים, וואס אויף יאשע־בערלס וואגן פלעגן זיי זיך פילן מער היימיש, מער געמיטלעך. מיט זיי פלעגט ער אפט א שמועס כאפן, זאגן א וויץ, א גלייכווערטל, א פאפיראס בעטן...

— וואס זייט איר עפעס אזוי טרויעריק? — האט אים איינמאל געפרעגט מאטל ליץ, ברוך דעם שניט־קרעמערס איידעם, אז יאשע־בערל איז מיט א געזונקענעם קאפ פארבייגעגאנגען.

יאשע־בערל האט דעם קאפ אויפגעהויבן און אינעווייניק אין הארצן האט זיך ווי עפעס אפגעריסן: זיין שטענדיקער, זיין בעסטער „פאר־שווין"... ער האט אומעטיק א שמייכל געטאן און געענטפערט מיט א זיפץ:

— עך, וואס זאל איך פריילעך זיין? זאל איך טאנצן, וואס איך גיי ארום איבער די גאסן שלינג און שלאנג?

— עט, נישט געדאגהט, ר' יאשע־בערל, ס'וועט זיין גוט!

יאשע־בערל האט א מאך געטאן מיט דער האנט:

— וואס קאנען מיר שוין העלפן טרייסט־ווערטער: כ'וועל מיין געזינדל מיט דעם נישט זאט מאכן.

— פארשטייט איר דאך נישט, זייט מוחל, וואס מען רעדט צו אייך, — ענטפערט מאטל מיט זיין שטענדיק־שמייכלדיקער מינע, — מען זאגט דאך אייך: ס'וועט זיין גוט! ערשטנס, נעמט א פאפיראס און, צווייטנס, קומט!

און נעמענדיק אים אונטערן ארעם, איז ער מיט יאשע־בערלען אי־בער דער גאס אוועק.

— הערט, ר' יאשע־בערל, — האט אים מאטל ליץ א גאנצן פלאן אויסגעלייגט: — ווען למשל, א פופצן־צוואנציק פון אייערע שטענדיקע „פארשווינען" — לאמיר זאגן: איך, דער, יענער — זאלן אייך אויס־

לייען צו עטלעכע רובל, וואָלט איר געקאָנט ביי היינטיקן טאָג קויפן אַ פערדל?

— וואָס הייסט? — האָט יאָשע־בערל פּראָסט נישט פאַרשטאַנען.

— כ׳מיין פּשוט, לייען צו צען, צו צוואַנציק רובל, און נאָכדעם וואָלט יעדערער אָפּגעפּאָרן דערפאַר. מ׳איז דאָך עפּעס געשעפטס־מענטשן. איר פאַרשטייט?

יאָשע־בערל, אַ געריירטער, האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. ער האָט דערשפּירט ווי פון אויג האָט זיך אַ פּולע, זודיקע טרער גענומען קייק־לען.

— וואָס זאָגט איר, ס׳איז אַ פּלאַן? — האָט מאָטל ליך געפרעגט.

— אָבער... קאָן עס... קאָן עס געמאָלט זיין? — האָט יאָשע־בערל געשטאַמלט. פון זיין גלאַנציקן בליק האָט אַ נייע האָפענונג אַ שיין גע־טאָן, און מאָדנע תמימותדיק און דאַנקבאַר האָט ער אויף מאָטלען אַ קוק געטאָן.

— נישט געדאגהט, ר׳ יאָשע־בערל, — האָט מאָטל ביים אַוועקגיין איבערגעחזרט, — איר וועט זען: ס׳וועט זיין גוט!

און טאַקע דעמזעלבן טאָג נאָך איז מאָטל ליך אַוועק צו דעם, צו יענ־נעם, דער עיקר צו יאָשע־בערלס „חסידים", וואָס רעכענען זיך, אגב, פאַר די יונגע קאַבלעפּל אין שטעטל. מען האָט צונויפגערופן אַ היימיש „אסיפהלע" און מען האָט וועגן דער זאַך ערנסט אַ טראַכט געטאָן. אויבן־אָן ביים טיש איז געזעסן מאָטל ליך, פון זיין רעכטער האַנט זיסל „דער ווייבערשער חסיד" און נאָך אַ ביסל יונגעלייט, טייל מיט פּענסנע אויף די נעזער און געגאָלטע מאָרדעס, — יונגעלייט, וואָס ערשט נאָך דער חתונה האָבן זיי אָנגעהויבן „סטאַט" צו פירן און אין כלל־זאַכן זיך מישן. מ׳האָט זיך די יונגע שטערנס געריבן און זיך איבערלייגט. אמת טאַקע, אין שטעטל זיינען פאַראַן אַ סך אַנדערע צרות: הונגער, דלות, קראַנקע, וואָס האָבן זיך נישט מיט וואָס צו היילן, און נאָך און נאָך; אָבער וועגן דעם זיינען שוין צענדליקער „אסיפה רבהס" געווען; ס׳איז שוין גוט באַקאַנט און מען איז שוין צוגעוווינט געוואָרן צו אַלץ. אָבער אַז יאָשע־בערל זאָל אַרומגיין אָן אַ פערד — צו דעם געדאַנק האָט מען זיך עפּעס נישט געקאָנט צוגעוווינען...

די „החלטה" איז באַלד אָנגענומען געוואָרן און אויפן טיש האָבן זיך גלייך באַוויזן פילפאַרביקע „פּאַפּירלעך" און די דאַזיקע „פּאַפּירלעך" האָבן באַלד אויף מאָרגן צוגעצויגן נאָך אַנדערע „פּאַפּירלעך". מאָטלס פּלאַן איז אַלעמען געפעלן געוואָרן און קיינער האָט זיך פון צעטל נישט אַרויסגענומען.

די אַנדערע וואָך איז אין איין שיינעם פרימאָרגן ביי יאָשע־בערל בעל־עגלה אין שטיבל אַ גאַנצער „באַל" געווען. אויפן טיש איז געשטאַ־נען אַ פלעשל משקה מיט אָנגעשניטענע פענעצלעך שוואַרץ־ברויט אַלס „צובייסעכץ". אַרום טיש זיינען געזעסן: אַ פערד־פאַרקויפער, אַ צוויי־דריי מעקלערס, מאָטל ליז, זיסל „דער ווייבערשער חסיד" און נאָך אַ פאָר יונגעלייט. אַ חוץ זיי — דער „מחותן" יאָשע־בערל אַליין, די „מחו־תנתטע" — זיין ווייב — און דאָס גאַנצע געזינדל. יעדער האָט געגנו־מען צו קידוש־גלעזל און די ווינטשערייען און ברכות האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן אָן אַ ברעג און אָן אַ סוף.

— גאָט זאָל געבן, איר זאָלט פון אים נחת האָבן! — ווינטשט דער פאַרקויפער.

— זאָל זיין מיט מזל! — כאַפּן אונטער די מעקלערס.

— אין אַ גוטער, אין אַ מזלדיקער שעה! — ברומט אָפּ טער די „מחותנתטע", — דער, וואָס די הענט נישט געוואַשן, זאָל געבן, אַז מען זאָל רק טרינקען אויף פרייד־שמחות!

און דערביי האָט זי אונטערגעטראָגן דעם פאַרטוך צו די אויגן...

מאָטל האָט זיך אויך נישט געלאָזט בעטן. ער האָט זיך דרך־ארצ־דיק אַנידערגעשטעלט און אַ גאַנצן „טאָסט" געהאַלטן. פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ פייערלעכן הויב פונם קידוש־גלעזל:

— איך טרינק פאַרן געזונט פון פערד!...

— הלוואי, אמן! — האָט דער „מחותן" זיך אָנגעכאַפּט, — גאָט זאָל געבן, איך זאָל פון אים קיין צער נישט האָבן!

און באַלד נאָכן „באַל", ווען אַלע זיינען זיך צעגאַנגען, איז יאָשע־בערל אַוועק אין גאַס, אַ קישן פאַרזעצט און פאַרן פערד אַ פוד האָבער אין שטאַל געבראַכט. ער האָט אונטערגעטראָגן דעם פערד אַ צעבערל מיטן האָבער און צו אים געערעדט:

— נאַ, עס, גניאַדקע מיינער! זאָל דיר וווּל באַקומען! נישקשה, דיינס וועסטו פאַרדינען...

## IV

ווידער איז יאָשע־בערלס פּלאַץ אויף דער גאַס צווישן די בעלי־עגלה־שע פורן נישט ליידיק געווען. ווידער האָט יאָשע־בערל די בייטש גענו־מען אין האַנט אַריין און זיך דערפילט ווי ער וואָלט אויפגעשטאַנען תחית המתים אויף דער ערד...

קיין „פאַרשווינען" האָבן אים נישט געפעלט. אַלע האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, און איטלעכער גיט אים אָפּ „מזל־טוב!"... מיט וואָס פאַר אַ חיות איז ער דאָס איצט, פאַרנדיק, אויפן דרענגל געזעסן און

די לייצעס פון האנט גאר ארויסלאזן נישט געוואלט.

איצט האבן די „פארשווינען" ארויסגעזען ביי אים אזעלכעס, וואס זיי האבן קיינמאל נישט באמערקט. זיין קימערן זיך, זיין קוקן ארום פערד, זיין גרייטקייט יעדע מינוט אנטקעגנצוקומען דעם פערדס מינדסטן קאפריז האט ביי אלעמען א שמייכל ארויסגערופן. פלעגט זיך אים אויס־דאכטן, אז איבערן פערדס פעל איז א פייכטקייט פאראן, פלעגט ער עס גלייך אפשטעלן:

— רו זיך אפ א ביסל, תכשיט מיינער!

— וואס עפעס פאר א „סטאנציע"? — פרעגט עמיצער פון וואגן.

— מען קאן דאך נישט טרייבן קיין בהמה. זעט ווי ער איז פאר־שוויצט!

און אין מיטן פארן פלעגט ער גאנץ אפט פון וואגן אראפשפרינגען און אלץ נאכקוקן דעם געשפאן. דא פלעגט ער א רימען צוציען, דא לויזער מאכן, דא שטייפער, אמאל דעם „כאמוט" אונטערהויבן, די „דוגע" אויסגלייכן, און בעת־מעשה פלעגט ער ביים פערד ווי מחילה בעטן:

— ס'האט דיך, נעבעך, געשניטן, גניאדקע!

— פונדעסטוועגן, ר' יאשע־בער, — רופט זיך אמאל אפ עמיצער פון וואגן, — צופיל „ציטעריק" דארפט איר אים נישט האלטן...

— געוויס! — כאפט אן אנדערער אונטער, — אז איר וועט אים אזוי צעלאזן, קאן זיך אים גאר פארוועלן אויפן וואגן...

— פארפאלן... ער איז פארט היינט א יחסן... — פארענטפערט זיך יאשע־בערל, און ער לייגט זיך פאנאנדער מיט א גאנצן פעקל ראיות, אז א פערד איז איצט טויזנט מאל בעסער פון מענטשן: זיין ברויט — זאגט ער — האט ער דאך אומעטום וויפיל זיין הארץ גלוסט. די לאנקעס וואקסן דאך, כאטש מען זייט זיי נישט. און ציט ער דעם וואגן, מוז אים דאך האבער אויך צו דער צייט דערלאנגט ווערן. אבער מיר זינדיקע מענטשן... אונז קארמעט מען מיט „קארטן"... מיט סאכארין און מארמעלאדע...

און יאשע־בערל האט זיך טאקע פאר קיינעם נישט געשעמט און ער האט געטריי געדינט זיין פערד מיטן גאנצן הארצן. און פלעגט אמאל טרעפן, אז עפעס א האבער פלעגט זיך פארשטעקן אין פערדס נאזלע־בער און ער פלעגט נעמען כסדר ניסן, פלעגט יאשע־בערלען נישט נמאס ווערן זיין יעדן ניס מיט א „נא זדראוו!" צו באגלייטן...

---

עס האבן זיך געשטעלט גרויסע, זומערדיקע היצן. די תמוזדיקע זון האט געבאקט און נעבראטן אומדערבארעמדיק און מענטשן און חיות

געמאַטערט. אפילו די געוויקסן זיינען אויך מאַט און אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן און די זאַנגען האָבן טרויעריק זייערע קעפּלעך אַראָפּגעלאָזט. די שפּיצן גראָז זיינען גאָר געל געוואָרן פאַר דער צייט. אויף די וועגן איז אַ שווערער הייסער שטויב געהאַנגען. יאָשע־בערל האָט באַמערקט, אַז דער „גניאַדע" איז נישט איבעריק צופרידן מיט דעם אָנגעפּאַקטן וואָגן „פאַר־שוינען" — פלעגט ער זען, אַז אויפן וואָגן זאָל זיין אַ ביסל גערוימער און גרינגער: ער וועט דאָך קיין גזלן נישט זיין איבער אַן איינגענער בהמה! אגב, איז דאָך דאָס נישט מער ווי אַ פינפהונדערט־רובלדיק פערד, ס'איז דאָך פאָרט נישט דער קאַשטאַן! פריער איז עס נישט קענטיק געווען און איצט האָבן, אַפּנים, די היצן שלעכט געווירקט אויף אים. „ס'פּאַליר־בעט" אים נישט! גאַנץ אָפט פלעגט זיך דאָס פערד אינמיטן אָפּשטעלן און סאָפּען זייער שנעל, הויבנדיק גיך מיט די זייטן אַרויף־אַראָפּ. יאָשע־בערל פלעגט תיכף אַראָפּגיין פון וואָגן, קוקן, קוקן און נישט אויסריידן קיין וואָרט. אין מח זיינען מאָדנע געדאַנקען דורכגעגאַנגען און אויף זיין פּנים אַ וואָלקן אָנגעצויגן: ס'איז אים עפּעס נישט געפעלן געוואָרן דעם פערדס סאָפּען.

אין שטאָט האָט ער צום פערד אַ רופא געבראַכט און אַן עצה גע־פרעגט:

— זאָגט מיר דעם אמת, אפשר טאָר איך אים מער ניט האַלטן?...

דער רופא האָט אים באַרואיקט, אַ רעצעפּט פאַרשריבן און געזאָגט, אַז קיין בייז נישט, ער קאָן מיט אים ווייטער פאָרן. דאָס פערד איז אַ ביסל „דוכאָוויטשנע".

פון דאַמאָלס־אָן האָט יאָשע־בערל נאָך מער „צעלאָזן" זיין פערד און עס ממש אויף די הענט געטראָגן. „אַ שוואַכע באַשעפעניש, נעבעך" — פלעגט ער עס שטענדיק באַדויערן. דורך דער נאַכט פלעגט ער זיך נישט איין מאָל אויפכאַפּן און אָנשטרענגען דאָס געהער, צי פון הינטער דער וואַנט, פון שטאָל, הערט זיך דאָס קייען פון פערד. אַמאָל פלעגן אים אין שלאָף מאָדנע שווערע חלומות פּלאָגן און מיט שרעק פלעגט ער די אויגן אויפרייסן:

— טפוי! נישט געדאַכט זאָל עס זיין! נישט פאַר קיין, קיין יידישן פערד געדאַכט!

## V

איז אָנגעקומען אַ טרויעריקער פאַרנאַכט.

אַראָפּגעבראַכט אַ פור „פאַרשווינדלעך" אויפן אָרט, האָט יאָשע־בערלס פערד אַ שלעכטע מינע געמאַכט. נאָכן אויסשפּאַנען האָט עס עפּעס מאָדנע דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און די גרויסע פערדישע אויגן זיינען

מיט אַ מאָדנער טויטלעכער מידקייט פאַרצויגן געוואָרן. די רעכטע פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט צו לינקס, די לינקע — צו רעכטס, און קוים־קוים וואָס עס שטייט איין. יאָשע־בערל האָט אונטערגעטראָגן אין צע־בערל אַ ביסל הוילע האָבער; אָבער דאָס פערד האָט עס אַפילו מיט די נאָז־לעכער קיין בלאָז נישט געטאָן.

— נישט פריילעך! — האָט יאָשע־בערל מיט אַ טיפן זיפץ אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין.

ער איז באַלד אוועק אין דער גויישער גאַס און געבראַכט דעם „ידען" סטעפּקאַ. סטעפּקאַ האָט אַ קוק געטאָן אויפן פערד מיט אַן אויג פון אַ געניטן, אַ טאַפּ געטאָן אַהער, אַהין און מיט די פּלייצעס געקוועטשט:

— קעפּסקאַ!

ארום איז שוין געשטאַנען דאָס ווייב, דאָס גאַנצע געזינדל פון גרויס ביז קליין. מ'האָט פאַרבראָכן די הענט און מיט טרערנפולע אויגן גע־קוקט אויף דעם אראָפּגעלאָזטן קאָפּ פונם פערד. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין שכנים.

סטעפּקאַ האָט געהייסן ארויספירן דאָס פערד אויף אַ פרייען פּלאַץ און דאָס גאַנצע רעדל מיטן פערד בראש האָט זיך איבער דער גאַס אוועק־געלאָזט. יאָשע־בערל פון איין זייט האָט געהאַלטן פאַרן צוימל און פון דער אַנדערער זייט איז געגאַנגען סטעפּקאַ, דאַן דאָס גאַנצע געזינדל. גרע־סערע זיינען אַליין געגאַנגען און די קליינינקע, וואָס קאָנען נאָך נישט גיין, זיינען אויף די הענט ביי די גרעסערע געווען. דאָס זויג־קינד ביי דער מאַמען, אַ ברודערל ביי אַ ברודער, אַ שוועסטערל ביי אַ שוועסטער, און אַ חוץ זיי אַלע — זייטיקע באַגלייטער, וואָס זיינען דורך דער גאַס אַלץ געוואַקסן.

דער קלאַנג האָט זיך באַלד איבערן גאַנצן שטעטל פאַרשפּרייט. עס זיינען אויך צוגעקומען מיט ערנסטע געזיכטער מאָטל לץ, זיסל „דער ווייבערשער חסיד" און נאָך אַנדערע פון יאָשע־בערלס „פּאַרערער", וואָס האָבן אים „אויף די פיס געשטעלט".

— וואָס זאָגט איר צו אונזער פערד? — פרעגט מאָטל מיט אַן אומעטיק שמייכל.

— גאַרנישט יום־טובדיק! — ענטפערט זיסל און צופּט זיך פאַר־קומערט דאָס קורץ־בלאָנדע בערדל.

אויפן פרייען פּלאַץ, אין עק שטעטל, האָט מען דאָס פערד געלאָזט זיך אַנידערלייגן און סטעפּקאַ האָט גענומען טאָן ארום אים. ער האָט געמאַכט עפּעס אַ מין צונויפמישעכטס פון וואַרעם וואַסער, זאַלץ, זייף און אַנדערע זאַכן און דעם פערד איינגעגעבן „פּיזעם"... אַלעמענס מיט־

ליידיקע בליקן זיינען געווענדט געווען אויפן חולה מסוכן און איטלעכער האט אים אין הארצן געווונטשן א „רפואה שלמה".

פלוצלונג האט זיך דאס פערד פיבערהאפט א צאפל געטאן, דעם קאפ א הויב געטאן און זיך איבערגעקייקלט. סטעפקא האט געזאגט, אז דאס איז א גוטער סימן און אלע זיינען בעת־מעשה פרייליכער געווארן. דאס געזינדל ארום, וואס האט די גאנצע צייט טרערן געגאסן, האט גע־קוקט מיט א שטראל פון האפענונג. און אין דער אמתן האט זיך דאס פערד מוטיק א הויב געטאן, ווי מיט א פרישן שטראם כוחות, און זיך אויף די פיס געשטעלט.

אלע האבן דאס אויפשטיין פון פערד באגלייט מיט א פריילעך ברו־מעריי.

— עס וועט לעבן ! עס וועט לעבן ! — האט זיך אין רעדל געהערט.

דאס האט אבער לאנג נישט געדויערט. ס'איז געווען נישט מער ווי דער לעצטער קאמף פונם לעבן. דאס לעצטע קלאמערן זיך. באלד האט זיך דאס פערד ווידער א לייג געטאן, און דאס מאל אזוי שווער, אזוי אומגעלומפערט, ווי א שווערער סנאפ, און ליגנדיק שוין משונהדיק דעם קאפ פארריסן... סטעפקא איז שנעל צוגעגאנגען צום פערד און אים אריינגעקוקט אין די גרויסע פארגלאצטע אויגן. געקוקט, געקוקט און דאן מיט דער האנט א מאך געטאן און זיך אין רעדל אויסגעמישט.

ארום פערד זיינען נאר געבליבן : יאשע־בערל, געזונקען, אין דרייען געבויגן, מיט דער בייטש אונטערן ארעם, און דאס גאנצע געזינדל. פאר זיי איז שוין איצט קיין סוד נישט געווען וואס דא וועט באלד געשען...

עס האט זיך אנגעהויבן א סדרה פון קולות, געוויינערייען און חל־שות... אפילו יאשע־בערל אליין, דער פעסט־געבויטער, ברייט־פלייציקער מאנסביל, איז אויך — צום ערשטן מאל אין זיין לעבן — ביי די פיס פון פערד אין חלשות געפאלן...

און דאס פערד, ליגנדיק אין געראנגל מיטן טויט, האט נאך געהערט אפנים די געבראכענע שטים פון זיין איבערגעגעבענעם בעל־הבית, וואס האט עס מיט כלערליי נעמען אנגערופן : „שפייזער", „ברויט־געבער" וכדומה; די יאמערייען פון ווייב און קינדער, וואס האבן עס „אפגעריכט" מיטן זעלבן ניגון, וואס מ'באוויינט דעם טויט פון א מענטש. עס האט זיך געווארפן אין זיינע לעצטע קראמפן, און מסתמא איז אים נאך שווע־רער געווען צו שיידן זיך מיט דער וועלט, הערנדיק צו וואס פאר א כבוד און ווערדע עס האט שוין דערגרייכט אויף דער ערד — — —

נאך א ריר מיט א פוס, נאך א קראמף, — און מיטן לעצטן שטראל פון דער זון האט דאס פערד די נשמה אויסגעהויכט...

# ביכער פון אברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער), גראָדנע, 1918.

" (צווייטע אויפלאַגע). פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.

רגעם פון טרוים (טאַנקעס). פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער). פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צוויי אויפלאַגעס). פאַרלאַג „די צייט". וואַר-שע 1921-3.

" " " (דריטע אויפלאַגע). בנימין הארץ - פאַרלאַג, בערלין-ווין, 1929.

" " " (רוסישע איבערזעצונג):

Под крыльями смерти, "Госиздат", Москва 1930 г.

אין שאָטן (נאָוועלן). פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער-מעשהלע). פאַרלאַג „אַלט-יונג", וואַרשע.

אַ זומער-חלום (נאָוועלן). פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע, 1923.

אונטער הייםישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן). פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ, וואַרשע, 1926.

שטאָט-קאַשמאַרן (לידער). פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ. וואַרשע, 1926.

פאַניע גנב (אַ כראָניק). פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פרוי פון שטאָט (נאָוועלן). קאָאָפּ. „ביכער", וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער). פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמען). פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס-איירעס, 1949.

## איבערזעצונגען:

פּאַר שטוב און עסטראַדע (איבערדיכטונגען).

מצירי (פּאָעמע פון מ. א. לערמאָנטאָוו).

מאָצאַרט און סאַליערי (דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין).

דער פאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג).

די חתנים (פּיעסע פון נ. וו. גאָגאָל).

דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי).

רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).

די ערשטע ליבע (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).

קלאַרא מיליטש (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).